גערהאַרדט הויפּטמאַן

# דער איינגעזונקענער גלאָק

דראַמע אין 5 אַקטן

איבערגעדיכטעט משה נאַדיר



ווילנע — 1929

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

## פּערזאָנען:

היינריך, דער גלאָקנגיסער.

מאַגדאַ, זיין ווייב.

זייערע זין, 9 און 5 יאָר אַלט.

גלה.

לערער.

ראַזירער.

די אַלטע וויטיקען.

רוטענדעליין.

דער וואַסערגייסט.

דער וואַלדגייסט.

שרעטעלעך.

קאַרליקעס.

די האַנדלונג קומט פאָר אויף די בערג און אין דאָרף לעבן זייער צופוסנס.

---

# ערשטער אקט

דער הינטערגרונט איז א בארגלאַנד צופיסנס א דאָרף.

א בארג-לאָנקע, מאסן-גערויש, לינקס אין הינטער-גרונט איבער אן אראָפּהענגענדיקן פעלז — א קליין ביידל, קוים וואָס מען זעט עס ארויס.

ר ו י ט ע נ ד ע ל ײ ן — האלב קינד, האלב יינגפרוי — אן אויס-טערלישע. זי קעמט אירע געדיכטע רויט-גאָלדענע האָר, רעדט בשעת מעשה צו א בין, וואָס זי פּרוּווט אָפּטרייבן פון זיך.

ר ו י ט ע נ ד ע ל ײ ן

דו זשומערקע, דו גאָלדענע, ווי קומסטו דאָ אַהער?
דו נאַשערקע, דו שפּינערקע פון בענטשליכט-וואַקס!
דו זון-פייגעלע — נו, הנדל זיך נאָר נישט צו מיר אַזוי.
גיי, לאָז אָפּ, כ'וויל מיר די האָר מיינע צעקעמען
מיט דער באָבעס גאָלדן קעמל.
פאַרשפּעטיק איך — בייזערט זיך די באָבע, אַז זי קומט.
גיי, זאָג איך דיר, נו, דו ביסט נאָך דאָ? דו איינגעשפּאַרטס!
וואָס בין איך דיר? א בלום! זענען מיינע ליפּן רויזן-בלעטלעך.

פלי איבער פעלדער, בינעלע, איבער טייכן;
דאָרט וואַקסן קראָקוס־בלימעלעך, פיילכלעך, הימל־שליסלען,
גנבע דיך אַריין אין די בלימל־הערצלעך און טרינק און טרינק
ביזוואַנען דו ווערסט שכור.
נו, גיי זיך דיר אַהיים, דאָ האָט מען דיך נישט ליב.
מיין באָבע האָט אויף דיר אַן אומחן,
פאַרוואָס? ווייל דו גיסט וואַקס פאַר די קלויסטער־ליכט.
פאַרשטייסטו דאָס? נו, טוט אַזוי אַ לייטיש באַשעפעניש?
העי, דו אַלטער קוימען אויף דער באָבעס דאַך,
גענעץ אויס אַ מויל מיט רויך — אַראָפּ אין טאָל אַהער צו־צו
און שרעק אַוועק דאָס בינעלע, דאָס איינגעשפּאַרטס.
הולאַ, הולאַ,
קום הולאַ, הולאַ...
גאָנער, גאָנער
יורע מאַרונער...
נו, גיי!

בין פליט אַוועק

נו, פּטור געוואָרן

קעמט זיך די האָר עטלעכע רגעס, דערנאָך בייגט זי זיך אַריבערן
ברונעם־קאַסטן און שרייט אַריין

העי דאָרט, אַלטער וואַסערניק! קום אַרויף,
די באָבע איז געגאַנגען אין וואַלד אַריין צו קלויבן שפּענדלעך,
איז איר אומעטיק צו זיין אַליין, דערציייל מיר עפּעס,
שיק איך דיר דערפאַר די שיקעשער אָדער גאָר
אַ גענצן־פּלעדערווישל. דו ווילסט?
שאַ, ער קומט, עך, וואַסערניק!
די זילבערבלעזלעך צעציען זיך אין וואַסער, ווערן מער און
מערער...

קלינגל מינגל
קלינגל־קלום
טוט ער איצט אַ קום —

צעברעכט ער מיטאַמאָל מײַן וואַסער־שפּיגל,
צעפּלאַצט ער מיר דאָס אויג, וואָס לאַכט צו מיר אַזוי אַרויף...

צו איר בילד אין ברונעם

גוט מאָרגן דיר, דו שײנע, ווי רופט מען דיך? נו, זאָג!
האַ, וואָס רויטענדעליין?
דו ווינקסט גנביש מיט דײַן אויג: „איך בין רויטענדעליין".
וואָס זאָגסטו? האַ? דו ווײסט, מיך גלוסט,
צו ווייזן מיט אַ פינגער אויף די טויבן־ברוסט:
ס'איז שיין, וואָס שענער קען נישט זיין,
רויטענדעליין,
רויטענדעליין!
דו נאַרישער טראָפּ —
דו בלאָנדער רויטער קאָפּ,
נאַ, כאַפּ די שטיינדעלעך

ווארפט שטיינדלעך אין ברונעם אריין

דיין שעה איז אויס. אַצינדערט אָ בין איך די איינציק שיינע דאָ.
נישטאָ קיין שענערע פון מיר, אפילו אינם שפּיגל.
העי, וואַסערניק, נו, ווייז זיך שוין אַמאָל.
ס'איז אומעטיק!
אָט איז ער.

וואסערניק הייבט זיך ארויס פון ברונעם ביזן בויך

כאַ־כאַ... אוי ביסטו נישט קיין שיינער —
אַ מיאוסינקער, אַ מיאוסער...

אַ וואסער־זקן מיט זומפּ־גראָז אין די האָר, פּיטש־נאָס, שנאַפּס

ווי א הונט. ער לאַכט מיט די אויגן, ווי איינער, וואָס איז אָפּ־
געוואוינט פון ליכט

ברעקעקעקעקס!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

מאַכט נאָך

ברעקעקעקעקעקס! נו, געוויס.
עס גייט צו פרילינג, און דו חידושט זיך הפּנים,
כע־כע. מוילוואָרף אין די גריבער, גרילן אין די שטיבער,
פישלעך אין די טייכן, זשאַבעס אין די זומפּן,
וואַסער־מייז און פּיפּערנאָטערס — אַלע ווייסן, אַז ס׳איז
פרילינג, נאָר דו איינער ווייסט עס נישט.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

קרעקט זיך

ברעקעקעקעקס, זיי דו נאָר נישט אַזאַ קלוגע...
פאַרשטייסטו מיך, דו גרינער וועוורעק,
גרינער כענדריק — דו!
דו פּימפּסן־פּאַווע דו!
איך זאָג דיר באַקס
און טאַקע נאָכאַמאָל
און ווידעראַמאָל:
קוואַראַקס, קוואַקאַס ברעקעקעקס.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווען דער פעטער בייזלעך זיין,
גיי איך מיר אַ טענצל פיין,
טענצער פעלן נישט צום רימל,
ווי שטערן פעלן נישט אין הימל,
ווייל שיין בין איך, שיין,

שיין און פול מיט חן.

פון פרייד

אוי — אָ יוהיי...
שיין בין איך — שיין...

וואַלדניק

מ׳זעט אים נאָך נישט

הוליי — דרי — אָ!
קום אין טאַנץ מיט מיר

מיט א ציגנבערדל, שפּרינגט ווי א באָק, מאַכט זיך צום נאַר
אויף דער לאָנקע

וואַלדניק

קען איך נישט טאַנצן - העצק איך און שפּרינג —
העצק איך און קעצק איך גאָר פריילעך און פלינק...
וואַלד־מיידל, וואַלד־מיידל קום נאָר אַרויס!
פון דיין באַהעלטעניש קום נאָר אַרויס!
אָן אַלטע ווערבע שטייט אין וואַלד אויסגעהוילט אין אַלט
צעקייט פון צאָן פון צייט...
קיין פאַליע־בליץ, קיין רויש פון וואַסער
האָט קיינמאָל נישט דערגרייכט אַהינצו־צו.
דאָרט אין שאָטן פון אַ שטיין, אַ קילן חבר,
שניץ איך פאַר דיר, אָ ליובע קרוין, אַ פייפעלע,
וואָס אַלע מיידלעך טאַנצן לויט זיין שפּילן

רויטענדעליין

נארט זיך אוועק פון וואַלד־גייסט

איך מיט דיר, דו חמור־אייזל,
דו באָק מיט פוטער,
זוך דיר אויס דיין גלייכן

אין וועלדער, צי אין טייכן.
איך בין פיין און ריין
און דו שמעקסט נישט שיין —
גיי דיר צו דיין אַלטער באַבעצע...
צו דיין פרוי, די אַלטע שקרייבעצע,
וואָס האָט יעדן טאָג אַ קינד,
אַ חוץ זונטיק: דעמאָלט האָט זי דריי —
אינאיינעם הייסט עס, ניין אַ וואָך,
ניין חברה־לייט מיט מאָך אין די אויערן —
ניין טומלדיקע, קוויטשענדיקע חברה־לייט, כאַ־כאַ!

וואַסערניק

ברעקעקעקעקס

געוואַלט כאַפּן דאָס מיידל — זי האָט זיך נישט געלאָזט.
איצט שרייט ער

אויב איכל זי נישט אָנלערנען —

רייבט אָן אַ שוועבעלע אָן זיין קלוי און פֿאַררייכערט אַ קורץ
ליולקעלע

וואַסערניק

וואָס הערט זיך בײַ דיר אינדערהיים?

וואַלדניק

שקאָש — ! דאָ בײַ אייך אין טאָל איז וואַרעם, אַ מחיה,
בײַ אונז דאָרט אויבן אויף די בערג
קערט דער ווינט מיט זיינע גרויסע בעזימער —
שווערע וואָלקנס, אָנגעמאָלקן פֿול מיט וואַסער,
שלעפּן זיך ווי קי מיט אייטערס איבער אַלע שפּיצן בערג
און לאָזן, ווי אויסגעקוועטשטע שוואָמען, דאָס וואַסער הינטער זיך
סאַ מין סאַרכעריי!

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

זײַן וואָס הערט מען עפּעס נײַעס, פֿרײַנטל?

ו ו אַ ל ד נ י ק

נעכטן האָב איך געגעסן מײַן ערשטן וואָרצל מאַרצעפּאַן...
דערנאָך בין איך געגאַנגען אַ ביסל אויף שפּאַציר,
דאָס איז זײער גוט פֿאַר מיר!
און געגאַנגען אַהער און אַהין,
געטון, וואָס אַלע טון.
דערנאָך בין איך אַרויף אין הויכן וואַלד,
דערהערט, עס קלינגט, עס קנאַלט.
וואָס איז? מ׳גראָבט, מ׳האַקט, מ׳ברעכט...
די מאַמע־ערד שטרעקט אויס דאָס העלדזל — שעכטן!
עך, וואָס פֿאַר אַ געמײנער פֿלינדער!
הערסטו, קײן זאַך איז מיר נישט אַזוי דערווידער, ברודער,
ווי פֿון קלויסטער־גלאָקן דער גערודער...
געבעט־הײזער צום בעטן... ס׳קען דאָס האַרץ צעשפּרינגען
בײַ אונזער אײנעם, ווען ער הערט די גלאָקן קלינגען.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

וויכערס שטעכט מען מיט אַ מעסער...
וואַסער־רוחות ווערן בעסער,
ווען מען זאַלבט זײ מיט אַ קריגל אײל
און זײ קריכן אַלע פֿון דער הײל.

ו ו אַ ל ד נ י ק

וואָס טויג ס׳זאָגן, וואָס טויג ס׳רעדן —
מען מוז שווײַגן שטיל און לײַדן.
פֿון אונזערע שטײנער קלויסטערס וואַקסן אויף,
און טורעמס שפּיציקע, און גלאָקנלעכער,
און אויבן צלמים גאָלדענע, פֿאַרשײַטע

בלישטשען קעגן הימל...
ערשט נעכטן שיער אַזאַ מין זאַך פּאַסירט...
נאָר צוגעאײַלט האָב איך זיך,
נישט דערלאָזט די גלאָקן־חיה זאָל הערשן אינדערהייך!
אַ שטופּ דאָס מײַסטערל מיט זײַן װערקעלע — אין אָפּגרונט.
איצט ליגן בײדע טיף אין ים...
דאָס איז געװען אַ שפּאַס אַ ביסל!
איך שטײ אַזױ אין הױכן באַרג־גראָז,
אָנגעשפּאַרט אָן יענעם בױם, װאָס איז דערשלאָגן פון אַ בליץ,
באַטראַכט אַזױ דאָס קלױסטערל פון װײַט,
קײַ מיר בשעת מעשה אַ שטיקל זױער גראָז
אין טראַכט פון בױדעם, קלאָץ און פּאָליצע,
ערשט, װאָס זע איך! אַ רױטער שמעטערלינג —
פלאַטערט מיט די פליגעלעך, זוכט עפּעס,
גיט אַ נאַש, אַ לעק פון יענער בלום, פון דער,
איך טו עס אַ רוף.
עס קומט אױף מײַן האַנט אַרױפגעפלױגן...
כ׳גיב אַ קוק, אַ שרעטעלע.
רעד איך מיט אים, צעשמועסט מען זיך,
פון דעם, אַז אין טײַך ליגן שױן די זשאַבעס רױגן...
און פונדעסטװעגן זאַכן. הכּלל, װאָס טױגן
מיר די רײד — מיטאַמאָל צעװײנט ער אױפן קול,
איך טרײסט עס, קריגט עס אַ כעק
און הײבט אָן צו רעדן: מיט אָך און העק!
מיט בײטשנקנאַקערײ,
מיט אײזנבראַזגערײ
שלעפּן זײ עפּעס אַרױף פון דער פלאַך
אַן אײַזערן און מאָדנע פוטערפאַס
אָדער עפּעס אַזאַ מין זאַך...
אַן אימה אָנצוקוקן, כ׳בין געװאָרן בלאַס.
די װאַלד־פּאַרזעניש, װאָלקולעק

האָט אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש, אַ שרעק...
דו מאָל זיך נאַר: מ׳וויל די זאַך אויפהענגען, מיינסטו וואָ?
אויפן קלויסטער־טורעם... עס זאָל נישט זיין די שעה!
מערער פעלט אונז נישט — ווי דאָס!
צו האָבן איבער זיך... אַן אייזערנעם באַלעבאָס,
וואָס קלינגט און שרעקט,
וואָס שטראָפט און וועקט...
„וואָס זשע טו איך?" — אַזוי מאַכט שרעטעלע צו מיר. —
נעם איך — און מאַך זיך אָפּ באַ מיר,
אַז וואָס ס׳וועט זיין, זאָל זיין —
דערווייל מוז מען אַריין
אין אַ כאָפּטע ציגן...
און איך זאָג דיר נישט קיין ליגן.
(אַזוי מאַכט דאָס שרעטעלע, זיך דרייענדיק, ווי אַ דרעטעלע)
נעם איך און טרינק מיך אָן מיט ציגן־מילך — אויף טויט און רויט
און לאָז די אייטערס לער, אויף צעפּיקעניש זייער מילך־מויד,
דערנאָך שטעל איך מיך אַוועק, נישט ווייט פון שווימענדיקן שלאָס,
זע איך רייטערס רייטן און אויך אַ סך, וואָס גייען צופוס.
גיי איך נאָך, לאָז מיך, ווי מען זאָגט, אויף שדס באַראָט.
זע איך ווי אַכט קליאַטשעס דרייען זיך אין ראָד. —
דרייען, ציען אַזוינע מינים שטריק — צום רומל
אַלע שרייען... וואַיעוויו... סאַ טומל.
און די אומגעלומפּערט גרויסע אייזערנע זאַך — סקריפּעט,
לאָזט זיך שווערלעך נעמען... כריפּעט...
די ליטקעס פון די קליאַטשעס ווערן הייס,
די קניען ברעכן זיך, עס זעצט אַ שווייס.
מ׳רוט זיך אָפּ אַ ווײַלע, און ווידער אויפסניי... דיזעלבע זאַך.
איך זע, עס קומט אַ וואָגן אָן מיט לייטערס אין די זייטן —
טראַך...
אָפּגעטון... אַזוי ווי אונזער איינער קען... אַריינגערוקט דעם פינגער אין אַן אַקס

און — גיי, וואו האָסטו שוין די גראָבע שטריק פון פלאַקס?
אַ ריס, אַ ציפּ, אַ שטויס און — אויס...
דער גלאָק אַ קנאַק אַראָפּ אין זיין גאַנצער גרויס.
כי... איז ער געשפרונגען
כי, האָט ער געקלונגען...
פון פעלז צו פעלז — אַ קלינגעריי,
פון תהום צו תהום — אַ פּאַלעריי...
העט אונטן אינם זידנדיקן שטראָם...
רוט ער אינם תהום...

בערך דער וואלד-גייסט האָט גערעדט, האָט אָנגעהויבן אונטער-צוגיין די זון. נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט דערציילן, האָט מען פונדערווייטן געהערט א שוואכן רוף נאָך הילף. איצט באַ-ווייזט זיך

## היינריך

דרייסיק יאָר אלט, א גלאָקן-גיסער, א בלאס, פארמאטערט פנים. ווי גיך ער באווייזט זיך, פארשווינדט דער וואלד-גייסט אין וואלד אריין, דער וואסערניק אין ברונעם. היינריך שלעפּט זיך א קראנקער צו דער בודקע

העלפט מיר, ליבע מענטשן...
איך בין אַראָפּגעפאַלן פון באַרג...
העלפט מיר מענטשן, העלפט מיר! —
איך האָב דעם וועג פאַרלוירן...

ער פאלט אָן כוחות לעבן דער טיר, איבערן בארג — א פּורפּור-שטרייף פון כמארעס, די זון האָט זיך געזעצט, עס אָטעמט א קילער נאכט-ווינט

## וויטיקען

מכשפה

א קויבער אויף די אַקסלען, קומט זיך צו שלייכן פונם וואלד, אירע האָר זענען ווייס ווי קליאַטשע. סך הכל איז זי מער ענ-

לעך צו א מאן, ווי צו א פרוי. עס וואקסט איר א באָרד

רויטנדל, רויטנדל... וואו ביזשטו? העלף מיר טראָגן...
רויטנדל, וואו ביזשטו? איך האָב שוין קיין אָטעם נישט!
וואו שטייסטו ערגעטש, מויד

לאָזט זיך נאָך א פלעדערמויז, וואָס פליט פארביי

העי, דו אַלטער פלעדערמויש — קלאָג צו דיין בלינדן קאָפּ.
וועסט נאָך טשייט האָבן, טשייט האָבן זיך אָנשטאָפּן דעם קראָפּ...
פאָלג — גאַנג... טו אַ פלי אַהינצעצי
און זע, צי איז ש׳מיידל דאָרטן דאָ —
אויב יאָ, טאָ נעם און הייס איר —
קומען גלייך אַהערצעצי צו מיר...

עס בליצט א ביסל, זי הייבט די פויסט קעגן הימל

העי דאָרט, הער אויף די חכמות דיינע...
די גאָלדנע ביקליך דיינע — זענען פיינע
טאַקע... נאָר נישט אַזוי — אָ,
פאַרשטייסטו מיך...
און טרייסל נישט אַזוי דיין פייערדיקע באָרד...
פאַרשטייסטו מיך...
רויטענדל, העי רויטענדל!!

רופט צו א וועוריק, וואָס שפרינגט פארביי

וועוריקל, וועוריקל, דו זוכסט ניסלעך?
גיב אַ שפרינג אַהינצעצי... האָסט פלינקע פיסלעך...
און וואַרף מיר אַרויס אויף אַ שפענדל
דאָס מיידל, וואָס רופט זיך רויטענדל!...

זי פאלט שיער נישט איבער הייגריכן

וואָס איז דאָס? ווער ליגט זיך דאָ אַזוי צעשטרעקט,
ווי אין זיין טאַטנס וויינגאָרטן?
העי, וואָס איז דאָס פאַר אַ ליגן,

וואָס דו ליגסט דאָ? העי פאַרשווינדל מיינס, ביסט טויט?
ענטפער מיר, רויטענדל, רויטענדל... נאָך דאָש האָט מיר געפעלט
צו מיינע צרות... זשאַנדאַרן, פּאָליציי...
מ׳רודפט מיך הפנים ווינטשיק...
זיי דאַרפן נאָך געפינען דאָ, אַ טויטן אַ בראָך צו זיין גרוב.
און איך מעג זיך שוין געזעגענען מיט מיין שטוב...
העי, דו מאַנספּערשווינדל... ער הערט נישט

רויטענדל קומט ארויס לעבן דער בודע — פּרעגט מיט די אויגן

ביסט שוין געקומען — נו, גיב נאָר אַ קוק,
דער שוואַרצער יאָר האָט אונז צוגעשיקט אַ גאַסט...
אַ שטילן גאַסט... נו, וואָס שטייסטו? וואָס? נעם ברענג אַ ביסל היי
און מאַך אים אַ געלעגער...

רויטענדליין

אין שטוב?

וויטיקען

צו מיינע שונאימס קעפּ!... אין שטוב גאָר?

גייט אַפּ אין שטיבל אריין. רויטענדל איז בעווען אין הויף אַ רגע, קומט צוריק מיט אַ בינט היי, זי וויל זיך אראָפּלאָזן אויף די קניען לעבן היינריכן — מאַכט ער אויף די אויגן

היינריך

וואו בין איך, מיידל, זאָג מיר.

רויטענדליין

אין די בערג.

היינריך

אין די בערג, אָבער זאָג מיר, ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט —

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דאָס ווייס איך נישט.
נאָר וואָס מאַכט עס אויס...
דאַרפסט צו רוען.

ה י י נ ר י ך

יאָ, רוען דאַרף איך, דאָך וויל איך וויסן, ווי ס'איז געשען... זאָג מיר!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך ווייס נישט!

ה י י נ ר י ך

מיר דאַכט זיך — יאָ... איך הייב זיך אָן דערמאָנען — ס'איז געשען אַ חלום.
יאָ... יאָ... אפילו דו ביסט אויך נישט מערער, ווי אַ חלום...

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אָט האָסטו מילך. טרינק!

ה י י נ ר י ך

פיבערדיק

יאָ, טרינקען... גיב מיר טרינקען... גיב מיר וואָס עס איז צום טרינקען.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

בעת ער טרינקט

דו ביסט, ווייזט אויס, נישט צוגעוואוינט צו בערג.
דו שטאַמסט פון יענע מענטשעלעך, וואָס וואוינען אין די טאָלן.
און האָסט, ווי דאָ אַנומעלטן דער יעגער, בלויז פאַרבלאָנדזשעט.
געקומען איז ער פאַנגען אַ געפאַנג

און האָט דעם קאָפּ געבראָכן אָן אַ פעלז:
דו האָסט צו הויך געקלעטערט, פרעמדער...

הײנריך

קוקט אויף איר מיט התפעלות און ליבשאפט

יאָ, יאָ, רעד ווייטער, רעד.
דיין טרונק איז זיס געווען, דיין
קול איז זיסער... רעד ווייטער, קינד!

רויטענדעליין

וואָס זשע שטיי איך? בעסער לויפן ברענגען וואַסער פונם ברונעם...
שטויב און בלוט מאַכן קיינמאָל נישט קיין מענטשן שענער.

הײנריך

בעט זיך

בלייב דאָ, איך בעט דיך!

האלט רויטענדעליין פארן געלענק פון דער האנט, יענע שטייט
פארלוירן, ווייסט נישט, וואָס צו טון

און קוק מיך אָן מיט דיינע בלויע, טיפע אויגן. די וועלט גייט אויף אויפסניי
אין דיינע אויגן, קינד.

רויטענדעליין

אומרויק

נו, גוט... איך וועל דיר טון צוליב, כאָטש איך ווייס נישט צי...

הײנריך

פיבערדיק בעט זיך נאָך מער

בלייב דאָ לעבן מיר! לאָז מיך נישט אַליין און וועק מיך נישט פון

מיין שיינעם חלום אויף.
דערציילן דיר, ווי איך קום אַהער? איך בין געפאַלן...
גאָר ניין, רעד בעסער דו און איך וועל הערן.
דיין קול איז לויטער. ווי דער ווינט, וואָס קלינגט
אין קלויסטער־גלעקער, ווען זיי שטומען. רעד, וואָס רעדסטו נישט?
זאָג מיר עפּעס וואָס... וואָס זאָגסטו נישט?
יאָ, איך בין אַראָפּגעפאַלן.
פּלוצים איז דער גלייכער וועג אַנטלאָפן פאַר מיין פוס.
פאַר די אויגן האָט געגומען בליצן, פינקלען
מיט אַזאַ מין בליצנדיקער פינצטערניש...
איך האָב מיך אָנגעכאַפּט אָן ווילדן קאַרשן־בוים,
וואָס וואַקסט פון פעלזן־שפּאַלט אַרויס —
אָבער דער שטאַם איז שוואַך געווען, און איך,
מיט אַ בליענדיקער קאַרשנצווייג אין מיין רעכטער האַנט — פאַל איך,
פאַל איך...
דער ווייסער צווייג צעשיט זיך פונם ווינט און איך פלי און פלי...
אין טיפן אָפּגרונט... און איך שטאַרב.
איצטער בין איך טויט, כ'לעב נישט מער?
זאָג, אַז איך בין טויט, וועט קיינער נישט באַמיען מיך צו וועקן.

## רויטענדעליין

איך מיין, אַז דו לעבסט.

## הייגריך

איך ווייס, איך ווייס. איצטער ערשט פאַרשטיי איך, אַז טויט איז לעבן
און לעבן איז טויט.

### ווי פריער

איך פאַל, דער גלאָק פאַלט אויך, מיר ביידע — איך און גלאָק...
ביידע שרייען מיר, ביידע קלינגען מיר.
קלינג איך? שרייט דער גלאָק?...

ווער קען וויסן — דאָס איז געווען שוין לאַנג, שוין לאַנג צוריק...
דעמאָלט האָב איך נאָך געלעבט

מיט גרויס געבעט

בלייב דאָ! מיין האַנט, דו זעסט, איז ווייס ווי מילך,
מיין ווייסע האַנט איז שווער ווי בליי...
און קוים, קוים, וואָס איך הייב זי אויף.
בלייב! מיין האַנט איז פרום און דו אַ הייליקע.
שוין לאַנג, אַז איך האָב דיך ערגעץ־וואו געזען, וואו האָב איך דיך געזען? איך האָב צו דיר געצויגן זיך, געשטאַנען אויף די קני פאַר דיר, אַ הייליקע!
געוואָלט דיין קול אין גלאָק אַריין — פאַרנאַרן...
כדי צו האַלטן עס געפאַנגען דאָרט אויף אייביק,
פאַרקנסן דיין פרום קול מיט גאָלד טונקעלן פון פרומע פאַרנאַכטן.
האָט מיר אָבער נישט געגליקט דאָס מזל:
מיין מייסטער־שטיק ליגט איצטער טיף אין ים,
די גלאָקנצונג איז שטום... דער גלאָק ליגט טויט,
מיין גרויסער חלום איז געענדיקט.

ר ו ט ע נ ד ע ל ײ ן

דו וויינסט גאָר?
טרערן זע איך אין די אויגן דיינע.

ה י י נ ר י ך

באמיט זיך אויפצוהייבן

הייב מיך אויף אַ ביסל, דו, דו שיינע אויסגעטראַכטע

זי טוט עס

בייגסטו זיך אַזוי אַראָפּ צו מיר, הייבסטו אויף מיין זעל...
נו, בינד מיך אָפּ פון אָט דער שווערער ערד,
צו וועלכער עס האַלטן מיך די בייזע שעהן צוגענעגלט,
ווי צום קרייץ.
באַפריי מיך, קינד, דו קענסט עס.

מיין קאָפּ איז מיר אַזוי אומענדלעך שווער.
פון דערגעטשטע האָט מען מיר אַ קרוין געפלאָכטן.
איך דאַרף קיין קרוין נישט, נאָר ליבע, ליבע

*זי העלפט זיך אים אַ ביסל אויפזעצן, זייער מיד*

אָט אַזוי, איך דאַנק דיר.

*ליריש*

ווי שיין דאָ איז, אַזאַ מין פרעמד געוויש — אַ סאַמעטנס,
די טונקעלע צווייגנהענט — רופן אַזוי מאָדנע.
די שטאָלצע קרוינען פון די ביימער רירן זיך.
וואָס פאַר אַ ליד שפּילט עס דער ווינט אויף זיין שטאָלערנער
פלייט?

דער גאַנצער וואַלד שווייגט אויס אַ גרויס געזאַנג,
די בלעטלעך פון די גרעזלעך רעדן ווער ווייסט וואָס...
און זעסטו נישט? דורך דינעם, ווייסן נעפּל שטרעקט זיך אויס
אַ האַנט מיט ווייסע פינגער,
רירט מיך אָן, מיין אויער, מיין צונג, די אויגן,
און דערנאָכדעם וואָס?
דערנאָך איז קיינער מער נישטאָ — חוץ דו!
דו ביסט... דו וואונדערלעכע, נו, שענק אַ קוש...

*ער ווערט שלאָף*

## ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דו רעדסט אַזוי מאָדנע,
גאָרנישט צום פאַרשטיין,

*שנעל אנטשלאָסן אויפגעקצויגן*

נו, ליג און שלאָף

## ה י י נ ר י ך

*פון חלום*

מיין וואונדערלעכע, נו, גיב אַ קוש!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

בלייבט שטיין און קוקט אויף אים. ס׳איז טונקעלער געוואָרן. פּלוצים רופט זי מיט שרעק

באָבעשי!

וו י ט י ק ע ן

פון אינעווייניק

וואָס איז?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

קום אַרויס, כ׳בעט דיך!

וו י ט י ק ע ן

קום בעסער אַריין אַהערצעצו און העלף מיר אָנלייגן אַ פייער.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

באָבעשי!

וו י ט י ק ע ן

ווי פריער

רעד איך עפּעס וואָס צו דיר...
קום אַריין אין שטוב —
איך דאַרף געבן עסן
און אויסמעלקן די ציגן.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

באָבעשי, ער שטאַרבט, ער שטאַרבט!

וו י ט י ק ע ן

באווייזט זיך אויף דער שוועל פון דעםביידל, זי האַלט אַ מעלקשעפל אין דער לינקער האַנט און רופט די קעץ

קיצע־קיץ

## קיצע־קיץ

וויזט אויף הייבריכן

ער ליגט און רירט זיך נישט...
נו. מילא, אַ מענטש מוז שטאַרבן...
און וואָס מאַכט עס אויס? דאָ, צי דאָרט?
אַ מענטש קען אומעטום די אויגן טשומאַכן און שטאַרבן...
קיצע־קיץ...
אָט איז אַ לעק מילך...
קעצל, וואו ביסטו?

רופט

רירט זיך — עס!
און קומט אַרויס...
כ'האָב אַלץ פאַר אייך...
רירט זיך, נו איר,
וואַלד־קינד... בוים־גולגולים... שרעטעלעך — נו, קומט אַרויס.
וואו איז ערגעץ אַהינגעקומען ס'קעצעלע!
הולאַ, הולאַ מאַנעלע,
הולאַ, הולאַ פרויעלע.
מילך אַ פולע שעפעלע...
האָניק אין אַ לעפעלע —
מאַכלים פאַר די צוציקלעך,
אַ געזונט אייך אין די פופיקלעך...

ארום א צען קליינע פריילעכע וואלד־צוציקלעך, מענערלעך און פרויערלעך טומלען זיך ארויס דעם וואלד, רינגלען ארום דאָס מעלק־שעפל

העי דו,
אהערצעצו...
דאָ אַ שטיקל,
דאָרט אַ ברעקל...
יעדן אַ פיצעלע,

יעדן אַ קרישעלע,
פרײלעך, חברה־צוציקעס,
טוט נאָר, וואָס מער נוצלעך איז
און איצטער גײט!

די צוציקלעך גײען פון וואַנעט זײ זענען געקומען. די לבנה איז אױפגעגאַנגען. אױפן פעלד איבערן ביידל באַווײזט זיך דער וואַלד־גײסט, קרימט־איבער אַ געשרײ נאָך הילף — ס'קלינגט, ווי אַ ווידערקול

וואַלד־גײסט

העלפט מיר! העלפט מיר!

וויטיקען

וואָס איז געשען?

קולות

פון וואַלד ארויס

הײנריך, הײנריך!

וואַלד־גײסט

ווי פריער

העלפט מיר! העלפט מיר!

וויטיקען

ס ראַשעט אים מיט אַ פינגער

הער־אויף מיט דײַנע חכמות — דו...
לאָז די בערגלײַט אונזערע צורו.
מ'קען, מ'ווײסט די קונצן דײַנע — אַ ביס פון אַ פאַרבלאָנדזשעט הינטל...

פאַרפירן שנײַדער־יונגען אין אַ זומפּ אַרײַן.
אָפּטון שטיקלעך אַלטע מילנערס — אויסטרינקען דאָס וואַסער פון די מילן

און לאָזן שטיין די מ׳לשטיינער אין מיטן... מ׳קען דיך!

ו י אַ ל ד נ י ק

באָבעשי, טו זיך דאָס דייניקע
און איך װעל מיר טון דאָס מייניקע...
איידער זיך אַריינצומישן,
ענטפער בעסער רעטעניש:
וואָס איז שטאַרקער פון אַ מויער?
וואָס איז ערגער פון אַ טכויר?
וואָס איז מיאוסער פון אַ גלח?
וואָס איז שענער פון אַ מלאך?

ק ו ל ו ת

נענטער װי פריער

היינריך!

ו ו אַ ל ד נ י ק

װי פריער

העלפט מיר!

װ ו י ט י ק ע ן

אַ פייער זאָל דיך...
ס׳פעלט מיר מער נישט, נאָר גלחים מיט מלאכים...
נישט דאָ געדאַכט...

הייבט אַ פויסט

וואַרט, איך וויל אויף דיר אָנשיקן אַ פולע פאַזוכע מיט פליי...
און רויטע קדחתלעך,
און ס׳זאָל מיט דיר וואַרפן העכער הייזער...

ו ו אַ ל ד נ י ק

זיי קומען!

ו ו י ט י ק ע ן

זאָלן זיי קומען... וואָס אַרט מיך ?

צו רויטענדעלין, וואָס שטייט און קוקט אין הייגריבס בעטנדיקע
אויגן, וואָס זענען פול מיט צער

גיי אַריין אין שטוב, לעש אויס ס'ליכט... שלאָפן ! שלאָפן !

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אומעטיק פארעקשנט

איך וויל נישט

ו ו י ט י ק ע ן

ווילסט נישט ?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ניין, באָבעשי.

ו ו י ט י ק ע ן

וואָס וועסטו דאָ טון ?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

זיי וועלן אים צונעמען...

ו ו י ט י ק ע ן

איז וואָס ?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך וויל נישט, זיי זאָלן אים צונעמען.

ו ו י ט י ק ע ן

העי מיידל, מיידל ! קום !
לאָז אים ליגן דאָ... אַ בינטל הויט מיט ביינער,

אַ פּעקל מיט יסורים,
וואָס ס'וועט זיין, וועט זיין,
שטאַרבן מוז מען?
טאָ לאָז אים שטאַרבן —
זעסטו דען נישט — זיין לעבן לעשט זיך אויס... דער קנויט איז קורץ!

ה י י נ ר י ך

פון הלום

די זון גייט אויף!

ו ו י ט י ק ע ן

בלינדע רעדן שטענדיק פון דער זון.
קום מיט מיר, לאָז אים איבער...

אָפּ אין שטוב אריין

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

הערט זיך אונטער, ס'הערט זיך ווידער א רוף: „היינריך! היינריך". זי ברעכט אָפּ א בליענדיקע צווייג און מאכט דערמיט א צירקל אויף דער ערד ארום היינריכן

מיט דיין בליענדיקן גנאָד
איך מאַך דאָ אַ צייכן־ראָד.
כישוף מיר אַ כישוף אָפּ
אַרום די פיס, אַרום דעם קאָפּ,
נישט געשטערט און נישט געדאַכט,
נישט באַטאָג און נישט באַנאַכט
זאָל עס זיין אַזוי באַשערט
פון דעם הימל און פון דער ערד.
עס זאָל קיין פוס נישט איבערשפּאַנען
פון אָט דאָרטן ביז אָט דאַנען.

זי ציט זיך צוריק אין דער טונקלקייט. דער גלח, דער ראָזירע

דער לערער באווייזן זיך פונם וואלד ארויס — איינער נאָכן אנדערן

גלח

איך זע ליכט.

לערער

איך אויך.

גלח

ווו זענען מיר דאָ?

ס׳הערט זיך ווידער „העלפט מיר!"

גאָט ווייסט. איר הערט? מ׳רופט שוין ווידער!

עס הערט זיך א רופן נאָך הילף

גלח

דעם מייסטערס קול.

לערער

איך הער גאָרנישט.

ראַזירער

ס׳קול קומט, דאַכט זיך, פון דער הויך...

לערער

דאָס איז נישט געמאָלט,
ווייל מענטשן פאַלן נישט אַרויף צום הימל...
באָר פונקט פאַרקערט.
מ׳פאַלט פון באַרג אין טאָל און נישט פון טאָל צום באַרג.
דער גלאָקנמייסטער ליגט דאָ ערגעץ אונטן, אַ פּוציק קלאַפּטער טיף.

אַז נישט, איז מיין נאָמען נישט —

מ׳רופט ווידער

ר אַ ז י ר ע ר

ס קול שניידט, ווי מיט אַ בריטוווע,
אויב דאָס איז נישט דעם מייסטער היינריכס קול,
נעם איך זיך אונטער — פאַר אַ שטראָף — אָפּראַזירן זיין קופּער־
נע בּאָרד.

אויף מיין וואָרט. האָרכט זיך איין! מ׳רופט!

ל ע ר ע ר

וואו?

ג ל ח

וואו זענען מיר?
און הערט איר —
וואָס איך וועל אייך זאָגן? —
גייט עס צו די אַלטע קלאָגן!
מיר טוען ווי די זוילן,
איר וועט בּאַ מיר נישט פועלן
צו מאַכן נאָך אַ טריט...
איך בּין מיד!

ק ו ל

העלפט מיר!

ג ל ח

מ׳רופט שוין ווידער.

ר אַ ז י ר ע ר

דאָס קול קומט פון דער נאָענט —

גלח

א מידער, אויסגעשעפּטער, זעצט זיך אוועק

איך בין מיד,
ווייטער גיין קען איך נישט,
די פיס — דערלאָזן נישט,
אַזוי זאָל מיך גאָט אויפריכטן,
ווי איך דערצייל אייך נישט קיין ליגן,
גייט איר אַליין

זעצט זיך

... זיך אָנגעהויבן מיט אַזאַ מין יום־טוב
און זיך אַזוי געענדיקט ! דאָך, גאָט גערעכטער !
אין וואסער ליגט באַגראָבן דעם פרומען מייסטערס ווערק...
די וועגן פון דער גאָטהייט פירן ווייט...
ס'איז גאָרנישט צום פאַרשטיין...

ראַזירער

וואו זענען מיר ?
אין בלאָטע זענען מיר, אין זומפּ...
באַ די רעכטע חברה־לייט אין מויל
און קומט !... וואָס גיכער.
ס'איז זיכער — די געפאַר איז גרויס.
זעט איר דען נישט דער מכשפהס הויז ?
לאָמיר גיין...

גלח

איך ריר מיך נישט פון אָרט, די פיס...

לערער

קומט, איך בעט אייך,
ס'איז נישט אַזוי דאָס ווארפן רויטן מאָן אויף טייכן,
דאָס אָפּטון שלעכטן כישוף און דעסגלייכן,

ווי ס'פּאַרזאַמלען זיך פון ד'ערגסטע איסוואוּרפן,
גאָרגל־שניידער, קינדער־מערדער — אַ גרויל גייט מיר איבערן לייב
און די ציין אין מויל וואָלטן אָן מיין וויסן קענען קנאַקן גיסלעך...

ס'קלאַפּט אים אַ צאָן אין אַ צאָן

ראַזירער

דאָס איז קלאָר, ווי איין מאָל איינס,
ווי זאָגט איר אויף אייער הויכן לשון דאָרטן —
גישטאָ קיין וואָרטן —
אָפּצושאַצן, וואָס כּישוף קען אָפּטון
דורך ציגנבאָבקעס, ציין פון טויטע פערד,
בייע, שוואַרצע פלעדערווישן...
די קי מעלקן זיך פּלוצים מיט בלוט, שטאָט מילך.
די שאָף קריגן רינגלווערים — די פערד — כאָליערע —
די קינדער קריגן פאַרכעלעך, מיט רעשפּעקט צו מעלדן,
און מכּות און געשווירן, —
אָט וואָס מכשפות קענען אָפּטון!

לערער

דער סוף איז גוט!...
מכשפות גאָר... און כּישוף —
הערט איר דען נישט, ווי עמעץ קרעכצט,
איך האָב אים אַליין געזען מיט מיינע אויגן.

גלח

וועמען?

לערער

אָט יענעם, וואָס מיר זוכן: מייסטער היינריך.

ר אַ ז י ר ע ר

דאָס איז דער מכשפהס שפיצל — זי מאַכט נאָך מייסטער הייב־ריכס קול.

ג ל ח

ס׳איז אַ כישוף

ל ע ר ע ר

איך שווער אייך, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר
און נישט זיבן,
אַז די גאַנצע כישופמאַכעריי איז ליגן...
אַז דאָרטן אָבער ליגט דער מייסטער גלאָקנגיסער,
בין איך זיכער, ווי ס׳איז זיכער, אַז די ערד באַוועגט זיך.
אַ נו, אירט באַלד זען... באַלד לאָזט דער וואָלקן די לבנה פריי...
אָט — אָט — אָט. זעט! נו, האָב איך רעכט?

ג ל ח

אמת, דער מייסטער!

ר אַ ז י ר ע ר

דער מייסטער גלאָקנגיסער

אַלע דריי גיבן זיך אַ לאָז צום אָנגעצייכנטן קרייז, וואָס רויטענ־דעליין האָט געמאַכט מיט דער צווייג, עס וואַרפט זיי צוריק

ג ל ח

או!

ר אַ ז י ר ע ר

אוי!

ל ע ר ע ר

או, או!

## ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

מ׳דערזעט זי אויף א רגע, זי שפרינגט אראָפּ פון אַ בוים מיט
אַ גרויס חוזק־געלעכ.ער

כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!

ל ע ר ע ר

וואָס טוט זיך דאָ?

ר אַ ז י ר ע ר

וואָס טוט זיך דאָ?

ג ל ח

איר האָט געהערט אַ געלעכטער?

ל ע ר ע ר

די אויגן זענען מיר צעמישט —
דער קאָפּ איז מיר, ווי אַ ראָד —
וואָס טוט זיך דאָ?

ג ל ח

איר האָט געהערט דאָס געלעכטער?

ר אַ ז י ר ע ר

איך האָב געהערט דאָס געלעכטער.

ג ל ח

פון יענעם בוים איז עס געקומען — דאָס געלעכטער,
פון דאָרטן־אָ, פונוואַנעט עס איז אָקאָרשט
אַ קראָ אַרויסגעפלויגן.

ר אַ ז י ר ע ר

איצט ווייסט איר שוין, וואָס דאָ־אָ טוט זיך, האַ?

איצט גלייבט איר שוין, אַז זי... האָט נאָך אַנדערע געשעפטלעך,
חוץ קאָכן באָרשט און באַקן פּלעצלעך?
אַ יאָ... ס'איז קאַלט? קאַלט געוואָרן מיטאַמאָל... אַ יאָ?

גלח

נעמט אַ צלם אין דער אויפגעהויבענער האַנט, מאַכט זיך מוט
און טוט זיך אַ לאָז צום ביידל

זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך, מיר גייען אַריין.
און זאָל אפילו זיין,
אַז דער טייוול גופא וואוינט דאָרט אינעווייניק,
גאָטס וואָרט איז שטאַרקער פון אַלצדינג.
וואָרים קיינמאָל איז דעם שטנס כיטרעקייט
נישט געווען אַזוי אָפן נאָך און חוצפּהדיק — ווי היינטיקס מאָל,
אינמיטן העלן טאָג אַראָפּגעשליידערט אונזער מייסטער און
זיין גלאָק

אין סאַמע אָפּגרונט —
גאָטס דינער און גאָטס דינערין...
דער קלאַנג פון פרידן און פון ליבע —
אויסגעלאָשן, אויסגעלאַכט צו שאַנד געמאַכט.
מיר גייען איצט אין קריג — פאַר גאָט און פאַר זיין נאָמען — אמן,
איך קלאַפּ אָן.

ראַזירער

טוט עס נישט!

גלח

איך קלאַפּ אָן!

וויטיקען

ווער איז דאָס?

ג ל ח

אַ קריסט.

ו ו י ט י ק ע ן

קריסט אָדער געטשנדינער — וואָס ווילט איר?

ג ל ח

עפנט אויף!

ו ו י ט י ק ע ן

באַווייזט זיך מיט אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן אין דער האַנט

נו, וואָס ווילט איר?

ג ל ח

אין נאָמען פון גאָט, אַלטע... אין נאָמען פון יענעם גאָט, פון וועלכן דו האָסט זיך אָפּגעקערט.

ו ו י ט י ק ע ן

אַהאַ... ס'הייבט זיך שוין אָן.

ל ע ר ע ר

האַלט די צונג צווישן די ציין... דו אַלטע צויג!
געגוג זיך אָנגעליטן שוין פון דיר,
פון דיינע מיאוסע מעשים שטעלן זיך די האָר קאַפּויר,
די פּרעגלסט זיך אין זינד, ווי בלינצעס פּרעגלען זיך אין פּוטער.
און איב דו וועסט אויך אַצינדערט זיין אַן עקשנטע,
וועלן מיר דיין הייזל אונטערצינדן.
דער רויטער האָן וועט פליען אויף דיין דאַך,
און ברענען וועט דיין הויז־געזינט, ווי ס'ברענט אַ שפּענדל איינ־
געטונקט אין נאַפט.

## ר אַ ז י ר ע ר

האַלט זיך אין איין צלמען

איך האָב פאַר דיר קיין מורא נישט, דו אַלטע קאַץ.
נו, גיב מיר אַ גוט אויג,
שעלט מיך מיט די שפּרוכן דיינע —
כ'האָב פאַר דיר קיין מורא נישט...
ווייל גאָט וואוינט אין יעדן טראָפּן פון מיין בלוט.

## ג ל ח

אין גאָטס נאָמען, אַלטע, וואָרן איך דיך, לאָז זיין גענוג. —
הער אויף מיט דיין טמא־שוואַרצן כּישוף — נישט איצט! נישט איצט!
דאָרט ליגט אַ מענטש, אַ מייסטער, אַ טרייער דינער פון זיין גאָט!
מיט גאָטס שליחות איז זיין פוס באַפליגלט,
געשיקט פון גאָט, צו לאָזן הערשן אין דער לופט דאָס ריינע גלאָקנקול —
וואָס קלינגט אַריבער אַלע טייוול־קולות פון דעם גיהנום. העלף אונז!

## ו ו י ט י ק ע ן

האָט זיך בעוועגט פון די מענטשן, איז אַלץ צוגעקומען מיטן לאַמטערן נענטער צו הייִנריכן

נו, געננג דאָס רייצן אייערס!
נעמט אים צו, דעם קראַנקען גאָר פונדאַנעט.
ס'איז מיין דאגה נישט.
לאָז ער לעבן, ווי לאַנג ער וויל, ווי לאַנג ער קען, ווי לאַנג ער האָט נאָר
אָטעם אין די נאָזלעכער, און רופט אים גלאָקנמייסטער. ער' קען מאַכן טויזנט
אייזערנע גלאָקן, אָבער אייערע אייזערנע אויערן הערן נישט,
ווייסט איר זייער גוט, דאָס ערגסטע, ווי דאָס בעסטע קלינגט פאַלש —

פאַר פאַלשע אויערן. נו, נעמט אייך צו דאָס רעשטל שטינ=
קעכץ, דעם

מייסטער אייערן, — מייסטער פוטער=פלעצל.

צו היינריכן

נו, הייב דיך אויף און העלף דעם גלח דרשענען,
העלף דעם לערער שמייסן קליינע קינדער אין די הינטערטיילן,
העלף אויך דעם ראַזירער מאַכן מולינעס. . . אויף די בערד פאַר=
לייזיקטע.

מ׳לייגט היינריכן אויף א טראַגן-בעטל, דער ראזירער און דער
לערער הייבן אים אויף

ג ל ח

דו זינדיק, אויסגעזינדיקט ווייב!
שווייג און גיי זיך דיר דיין וועג — צום טייוול!

ו ו י ט י ק ע ן

טיאָ, טיאָ, טיאָ! איך האָב געהערט
די דרשות, וואָס איר דרשנט. לויט אייערע
רייד קומט אויס: די גאַנצע וועלט איז בלויז אַ טויטע טרונע,
דער הימל אויבן בלויז אַ דעקל צו אַ טרונע.
די שטערן — לעכלעך אינם טרונער=דעקל.
די זון — אַ גרויסער, רויטער פלעק אויף עפּעס אַ שטיק בלויען
זייד. . .

פּש! אַ קלייניקייט, די הייליקע, די פרומע!
פון גאָט אַליין מאַכט איר אַ קוימענקערער, אויף אָפּצושרעקן
קינדער.

אַ קאַנטשיק דאַרף ער נעמען צו אייך, דער גאָט אייערער,
און אייך גוט אָנברעכן די ביינער. . . איר ווידלען
פון געפּגרטע חזירים. אַ פינצטער יאָר אויף אייך!

### גלח

דו טייוולמע!

### ראזירער

לאָז זיין שטיל, כ׳בעט אייך. ברענגט זי נישט אַריין אין כעס...

דער גלח, דער ראזירער און דער לערער אַפּ מיט היינריכן אין וואלד אריין. ס׳גייט אויף א קלאָרע לבנה. דער וואלד ליגט רויק. ערשט, צווייט, דריט שרעטעלע קומען אריין און דרייען זיך אין רינגל־טאַנץ

### ערשט שרעטעלע

שטיל

שוועסטער!

### צווייט שרעטעלע

שוועסטער!

### ערשט שרעטעלע

ווייס און בלייך,
שטיל און ווייך
בלאָנדזשעט די לבנה אום,
בלאָנדזשעט פרום און שטיל אַרום.

### צווייט שרעטעלע

פונוואַנעט קומסטו?

### ערשט שרעטעלע

פון דאָרט, וואו די ליכטיקייט ברעכט אַדורך דאָס שוואַרצע וואַסער.
דאָרטן, וואו די כאָכעלדיקע שרעקט — ראַנגלט זיך מיט ווייסן ליכט.
פון דאָרטן האָב איך זיך באַפרייט,

פון דעם זינדיקן שוים
האָב איך שטיל מיך אָפּגעשיידט,
אָפּגעשיידט זיך און באַפרייט...
דורך אַ פעלז־טויער באַפרייט.

דריטע שרעטעלע

קומט

שוועסטער, לאָמיר טאַנצן גיין.

ערשטע שרעטעלע

נו, שטעלט זיך אויס
פון קליין ביז גרויס.

צווייטע שרעטעלע

פונוואַנעט קומסטו?

דריטע שרעטעלע

ס איז אין לעבן אַלץ באַשערט.
צווישן פעלזן טיף און גלאַט
האָט דאָס וואַסער מיך געהאַט.
אַ ים פון שוואַרצן צירונג־שטיין
איז מיין וויגעלע געווען...
אָט אַהין בליצט אַריין —
שטערנגאָלד, לבנה־שיין.
האָב איך גענומען און געטון
און די קליידער אויסגעטון,
אויסגעטון די זילבער־ציר —
דורך דער נאַכטס אַ הינטער־טיר
אָנגעקומען אָט אַהער.
אָט דאָס אַלץ און נישט מער.

**פערט שרעטעלע**

קומט

שוועסטער!

**ערשט שרעטעלע**

שוועסטער, קום צום טאַנץ!

**אַלע שרעטעלעך**

רינגלדינג און טאַנצנקראַנץ!

**פערט שרעטעלע**

אין אַ פאַרביק בלומענפעלד
שטייט אַ דופטיק שלאָפגעצעלט.

**ערשט שרעטעלע**

נו, ציט זיך, דרייט זיך אינם טאַנץ!

**אַלע שרעטעלעך**

רינגל-רינגל טאַנצנקראַנץ!

עס בליצט ליכטיקער, ערגעץ ווייט דונערט

**רויטענדעליין**

ווייזט זיך פלוצלינג די הענט אונטערן קאָפּ, פארלבנהט

הי האָ, שרעטעלעך!

**ערשט שרעטעלע**

עמעץ רופט!

**צווייט שרעטעלע**

אויטש! מיין קלייד האָט געכאַפּט אַ ריס,
ס'איז שאָדנווינקל גאַנץ געוויס!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

היהאָ! שרעטעלעך!

גייט טאַנצן מיט זי

נעמט מיך אויף אין אייער קראַנץ,
רינגלדינג, פליסטער־טאַנץ!
זילבער־שרעטל, זילבער־מיידל,
ניי מיר אויס אַ חופּה־קליידל
אין אַ ציר פון זילבער־פראַנזן
וועל איך אויף מיין חופּה טאַנצן.
שטריקן, העפטן קען מיין באָבע,
און זי רופט מיך „זיסע ליובע".
מיין הויט איז ווייס, ווי מירמלשטיין,
איך בין שיין און פול מיט חן.
איצט צעוואַרף איך מיינע האָר.
טוט עס אויכעט, אַלע האָר,
ווי אַ חופּה זאַפּראַנרויט
און דער דאַך פון צעפּ געבויט,
הענגט עס איבער מיין געזיכט —
גייט מיר אויף אַ גאָלדן ליכט.

אַ ל ע

פליט און פלאַטערט אינם טאַנץ
רינגל־רייגן פליסטער־טאַנץ.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

פאַלט אין ים אַריין אַ גלאָק,
הע, שרעטעלעך, וואו איז דער גלאָק?

אַ ל ע

פליט און פלאַטערט רונד אַרום.
וואַסער בלייבט אויף אייביק שטום...

ימים זענען טיף און גרויס,
הער אוף זע און זאָג נישט אויס.

וואַלד־גייסט

קומט אָן, דער דונער ווערט שארפער, בשעת ער רעדט איצט,
עס הערט זיך אַ שטאַרקער דונער־קנאַל און ס'לאָזט זיך אַראָפּ
אַ גאָס־רעגן

געלע בלומען, בלויע בלומען
אונטער מיינע פּיאַטעס שטומען,
טאַנצט דער פוילער ווינט אין גראָז,
בין איך דאָרטן באַלעבאָס.
קינדער, קינדער!
ווינד און ווינדער!
האָפּסאַסאַ און האָפּסאַסאַ —
ברעקעקעקעקעקעקס!
העי דו, וואָס שטייסטו דאָרט?

רויטענדעליין

אַך ליבער וואַסערניק, איך בין אַזוי טרויעריק — אוי, ווי טרויע־
ריק איך בין!

וואַסערניק

מעשה חברה־מאַן

אויף וועלכן אויג ביסטו טרויעריק?
אויפן רעכטן, צי אויפן לינקן?

רויטענדעליין

אויפן לינקן אויג. ווילסט מיר נישט גלייבן.

וואַסערניק

געוויס, געוויס.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

לייגט צו א פינגער צום לינקן אויג

איך האָב עפּעס אין אויג, נאַ זע און זאָג מיר, וואָס דאָס איז.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

דו ווייסט גאָר?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס איז דאָס?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

ווייז נאָר אַהער.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

האָט זיך אויסגעווישט א טרער מיט איר פינגער

אַ הייסער טראָפּן איז מיר אַראָפּגעפאַלן גלייך אויף די ברעמען...
נאַ זע!

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

פון הימל אַראָפּגעפאַלן, קום נאָר אַהער, לאָמיר אַ קוק טון

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווייזט אים די טרער אויפן פינגער

אַ קליין, קליין טראָפּנדל — אַ ווארעמס... אָט זע!

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

העהו! וואָס פאַר אַ שיינע זאַך!
ווילסטו, נעם איך און פאַס עס איין
אין אַ רעמל פון דעם ריינסטן מוטערפּערל.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך לייג עס דיר אָט דאָ אַהער —

אויף דיין ברונעם־קאַסטן —
באַטראַכט מיר, זאָג מיר, וואָס דאָס איז.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

אַ שיינער דימענט,
קוקט מען אַריין
פינקלט גליק און פיין
פון אָט דעם שטיין,
מען רופט עס טרער!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

טרער! מיין טרער...
האָב איך, הייסט דאָס, שוין געוויינט,
מיין ערשטע טרער.
אַ יאָ, טרערן ברענען?
פון איצטער אָן ווייס איך שוין, וואָס טרערן זענען.
דערציי־ל מיר עפּעס.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

קום צו מיר, שיין קינד!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך ווייס נישט וואָס, איך ווייס נישט ווען...
אַ יעדער לעבט זיך, ווי ער קען...
דיין ברונענקאַסטן איז שוין אַלט
און דאָס גאַנצע האָלץ צעפאַלט...
פון אַסטלען, שפינען אַ געקריך
און איר אַלע עקלט מיך!...

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

ברעקעקעקעקס! וואָס פאַר אַ שאָד דאָס איז!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אָט — שוין ווידער אַזאַ טראָפּנדל.

װ ו אַ ס ע ר נ י ק

רעגנצייט!
דער דונערגאָט טרייסלט פייער־תּנועות פון זיין לאַנגער באָרד אַראָפּ.
שוואַרצע וואָלקנס — מישן מיט פיאָלעטער, בלויער ליכטיקייט,
די בלויע האָפענונג טוט אָן אויף אַלעמען איר מיץ,
אַ קראָ פליט אויף דעם לעצטן זיגזאַג פון אַ בליץ.
די פליגלען נאָס פון ווילדן וואַסער־שטורעם, דורך פּיין, יסורים
לויפט די פינצטערניש זיך ראַטעווען דורך פעלזנשפּאַלטן,
וואו טויטע אָדלערס ליגן אָפּט באַהאַלטן.
עס יאָגט און נעצט. דאָס אַלטע מאַמעלע,
די ערד, טרינקט דורשטיק דורך אַלע אָדערן
דורך אַלע לעבעדיקע פּולסן.
זע, ווי בוים און גראָז און פליג און וואָרעם
פרייען זיך מיט יעדן ברעקל נייער ליכטיקייט.
קוואַקס — בליץ — אין טאָל אַריין! בראַוואָ!
גוט אַזוי באַלעבאָס!
פאַרווייל די צייט מיט אַ שפּילעכל אַזאַ.
צעקלאַפּ אַ טונקעלע רגע אויף צוועלף מייל מיט ליכטיקייט.
דער קלויסטער־טורם רירט זיך... דער גלאָק־געשטעל — וויגט זיך
אויף משקולת!

עס זעצט אַרויס אַ רויך!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איי... ביסטו אַ האַרטער ביסן,
דערצייל מיר עפּעס, וואָס עס וויל זיך וויסן.

װ ו אַ ס ע ר נ י ק

ברעקעקעקעקס! אַ גלעט אַ קעצל אויף די וואָנסעס,
שטעכט עס זיך...

און גוט איז מען צו יענעם און צו דעם.

וואָס קריגט מען פאַר דערפאַר? אַ פּלעם!

האָב איך רעכט? ... נו, זאָג שוין, וואָס אַזוינס דו ווילסט איצט וויסן!

וועלן מיר צעקייען אַ ביסל רייד.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

גאָרנישט, לאָז מיך געמאַכט.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

גאָרנישט ווילסטו וויסן?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

בעט זיך

נו, זאָג אַ וואָרט!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

מיך עקלט פון אייך אַלע, פון אייך אַלע

זי קוקט מיט נאַסע אויגן אין דער ווייטקייט אַריין

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

באַצערט

וואָס האָב איך דיר אַזוינס געטון? וואו ווילסטו גיין? איך וואַרן דיך,

דער מענטש איז נישט פאַר זיך אַליין אַ רינג,

אַלצדינג זיך אויסגעמישט, פאַרפּלאָנטערט...

דער מענטש? אַ שונא אונזערער און אונזערער אַ פריינד...

פון אונזער טראַכט געבוירן און אויפן וועג צום לעבן די מוטער-

ענלעכקייט פאַרלוירן.

ווי צו דעם, וואָס ווערט אַנטריניק פון אונזערע פרייע בערג
און וויל אַ קאַרטאָפל, אין אַ קאַלטן קעלער
זיין גליק און זיכערקייט געפינען. . .
און מאַכסטו טירלעך אויף אין אונזער טויער,
זעסטו בלויז אַ שטומע מויער,
ווייסטו דאָרטן, וואו געלעכטער ליגט פאַרשלאָסן. . .
און יעדער טראָפן גליק עס ווערט צעגאָסן,
פון זשעדנעקייט צו גרייכן גיך די ליפּ. . .

## רויטענדעליין

די באָבע זאָגט, דיין קלוגשאַפט האָט קיין שיעור נישט —
זאָג־זשע, פאַרוואָס זשע זאָגסטו מיר נישט —
צי ערגעץ איז פאַראַן אַ קוועלעכל אַזוי קליין,
וואָס זאָל נישט וועלן אין מענטשן־לאַנד אַריין?

## וואַסערניק

קוואַאַקס, ברעקעקעקעקס! אויב דו פרעגסט שוין יאָ באַ מיר,
טאָ הער זשע, וואָס אַ טויזנטיערידיקער רעדט צו דיר:
שטראָמען זענען קנעכט — דערפאַר איז רעכט
באַ זיי צו זאָגן: עך, וואָס שאַדט עס,
מירן דרייען מילן, שווענקען גאַטעס. . .
און איינשלינגען, דער גוטער יאָר ווייסט וואָס —
און זיין משרתים צו יעדעס שטיקל לומפּיק גראָז.
בררר. . .

מיט ליבשאַפט

די אָבער, פרינצעסין רויטענדעליין,
דו וועסט אַ קעניגס כלה זיין.
איך מאַך דיר אַ קרוין פון גריגעם קריסטאָל,
מיט ווייכע לבנות באַפּוצט אָן אַ צאָל.
די דילן, סופיטן — פון בלויען סאַפּיר.
פון רויטע קאָראַלן אַ בעטל פאַר דיר.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אַ קרוין פון קריסטאָל, אַ קרוין פון טאַפּיר,
זאָלן זיך דיינע טעכטער פּוצן מיט איר.
מיינע גאָלדענע האָר, זיי ליב איך פיל מער.
זיי זענען מיין קרוין... און זיי דריקן נישט שווער.
און איז פון קאָראַלן דיין בעט און דיין טיש,
גיב עס אַוועק דיינע ים־פערד און פיש
מיך ציט נישט צום לעבן פון ברעקעקעקעקס...
מיין וועלט איז פון קאַווע און פוטער־געבעקס!

לאָזט זיך גיין

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

ברעקעקעקעקס, וואוהין ווילסטו גיין?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס גייט דיך אָן?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

מיט צער

עס גייט מיך אָן, שוין גאָר אַ סך. ברעקעקעקעקס!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך גיי, וואוהין איך וויל.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

וואוהין דו ווילסט? וואוהין דו ווילסט?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אַהין, אַהין!

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

אַהין, אַהין?

## רויטענדעליין

**אַהין, אין מענטשנלאַנד אַריין.**

זי ווערט אויף גיך פאַרשוואונדן אין וואַלד

## וואַסערניק

אין גרעסטער שרעק

**קוואַאַקס!**

יעמערלעך

**קוואַאַקס!**

שטילער

**קוואַאַקס!**

שאָקלט מיטן קאָפּ

**ברעקעקעקעקס!**

## פאָרהאַנג

# צווייטער אַקט

היינריכס הויז. אַן אַלט דייטשיש הויז. אַ העלפט פון דער אונ־טערשטער וואַנט איז פאַרגלעזט. אינעווייניק שטייט אַן אָפענער קאַמין מיט אַ קוימען. אַ קופּערנער קעסל הענגט איבערן אויס־געלאָשענעם פייער. די אַנדערע וואַנט, וואָס איז ארויסגערוקט אויף פאָרנט האָט פענצטער פון פלאַש־גלאָז. עס שטייט אַ בעט.

אויף ביידע זייטן וואַנט — טירן. די רעכטע פירט צום הויף.

פאָרנט, רעכטס — אַ טיש מיט בענקלעך. אויפן טיש — אַ מילך־קריג מיט מילך, טרינק־טעפּלעך און אַ לאַבן ברויט.

אויף די ווענט — בילדער פון אדאם קראַפּט, פעטער פישער און אַנדערע. מער פון אַלץ זעט זיך אַן אַ געפּאַרבטער צלם מיטן געקרייציקטן.

היינריכס צוויי זין פינף און ניין יאָר אַלט — זונטיקדיק אויס־געפּוצט, זיצן סטאַטעטשנע באַם טיש. יעדערער לעבן זיין טע־פּעלע מיט מילך. פרוי מ אַ ג ד אַ, אויך יומטובדיק פאַרפּוצט, קומט פון צימער רעכטס, האַלט אַ בונט בלומען (הימלשליסלען) אין דער האַנט.

עס איז פרי אין טאָג. עס ווערט וואָס אַמאָל ליכטיקער.

מ אַ ג ד אַ

זעט, קינדער, וואָס איך האָב אייך געבראַכט.
דער גאַנצער גאָרטן איז אָפּגעשיט מיט בלומען.
אַט אַזוי וועלן מיר זיך אַלע אויספּוצן לכּבוד דעם טאַטנס יום-טוב.
אַט באַלד וועט זיך דעם טאַטנס נייער גלאָק צעקלינגען —

ע ר ש ט ע ר  י י נ ג ל

מיר...

צ ו ו י י ט  י י נ ג ל

מיר אַ בינטל בלומען!

מ אַ ג ד אַ

יעדן צו פינף בלימעלעך...
פינף הימלשליסעלעך. אַזוי רופט מען די בלומען, ווייל
זיי שליסן אויף דעם הימל.
נו, עסט אויף די שטיקלעך ברויט, טרינקט אויס די מילך —
דער וועג צום קלויסטער איז אַ ווייטער און אַ באַרג-אַרויפיקער.

ש כ נ ט ע

באַם פענטצער

אַזוי פרי היינט אויפגעשטאַנען, שכנטע?

מ אַ ג ד אַ

כ'האָב אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט.
אָבער וואָך געהאַלטן האָט מיך נישט די זאָרג,
נאָר דאָס גרויס דערוואַרטעניש — די פרייד.
דעריבער פיל איך נאָך אַצינד מיך פריש און אויסגערוט.
שוין ליכטיק באַלד אין דרויסן, דאַכט זיך?

ש כ נ ט ע

שוין טאָג.

מ אַ ג ד אַ

איר גייט דאָך מן הסתּמא מיט,
ס'וועט זיין אַ שיינער טאָג און לויפן וועט'ן נישט צו שטאַרק.
די קליינע פיסלעך וויסן פון קיין חכמות נישט.
וויסן נישט, וואָס אַ'ר אַ גרויסער טאָג באַ מיר איז היינט —
עס קלאַפּט דאָס האַרץ פון אומגעדולד.
די פיס האָבן נישט קיין כּוח צו וואַרטן. ווען איך זאָל האָבן פליגל —

ש כ נ ט ע

אייער מאַן איז נישט אַהיימגעקומען נעכטיקן?

מ אַ ג ד אַ

ווען איר זאָלט וויסן, וויפיל מי און זאָרג עס איז
אַ גלאָק צו מאַכן.
וויפיל כּוחות, וויפיל שווייס מען לייגט אַריין אין דעם...
אָבער, דאַנקען גאָט, ס'האָט אָפּגעגליקט. דער גלאָק וועט קלינגען באַלד —
אָט דאָרטן אָ, איר זעט דעם קלויסטער? דעם גלאָקנטורם?
אָט דאָרטן וועט ער הענגען... נאָר אַ חידוש איז אַ ביסל,
וואָס מ'זעט די ווייסע פאָן נאָך נישט...
איר ווייסט דאָך, די ווייסע פאָן דאַרף זיין אַ צייכן,
אַז אַלץ איז אָפּגעגאַנגען, ווי עס דאַרף צו זיין...
איר זעט אפשר די פאָן?

ש כ נ ט ע

איך זע זי נישט. אָבער ס'איז גאָרנישט... איך האָף צו גאָט,
ס'וועט אַלצדינג אָפּגיין גוט, כאָטש מ'שמועסט באַ אונז אין דאָרף,
אַז עפּעס איז דאָרט אויבן גאָרנישט אַזוי, ווי זאָגט מען עס... הם...

מ׳שמועסט: אַז יענע חברה־לייט זענען שטאַרק אין כעס אויף דעם,
וואָס מ׳העננגט דאָ אויף אַ גלאָק —
איר האָט גאָרנישט נישט געהערט דערפון? אַ חידוש!
ערשט נישט לאַנג געזען דעם הויפּט פון דער געמיינדע מיט נאָך
אַ צוועלף דאָרפסלייט
זיך לאָזן אַרויף באַרג.
מען שמועסט...

מ אַ ג ד אַ

דער הויפּט פון דער געמיינדע... און זיינע דאָרפסלייט.
צי איז, חלילה, עפּעס נישט געשען...

ש כ נ ט ע

דערווײַלע ווייסט מען גאָרנישט... דערשרעקט זיך נישט!
דערווײַלע הערט מען נאָך נישט, ס׳זאָל זיין געשען אַן אומגליק.
מ׳שמועסט, דער וואָגן, וואָס האָט געפירט דעם גלאָק —
איז געווען צו שוואַך.
און אַז מיטן גלאָק אַליין איז אויכעט עפּעס וואָס געשען,
וואָס — ווייסט מען נישט.

מ אַ ג ד אַ

הלוואי זאָל דאָס שוין זיין אינגאַנצן...
גלאָק — ווי גלאָק, אַבי נאָר היינריך לעבט און איז געזונט,
איז היינט באַ מיר אַ יום־טוב.
און די בלומען מעגן בלייבן, ווי זיי זענען...
נאָר דערווײַלע שרעקט דאָס האַרץ... ווער ווייסט?!
איך בעט אייך, נעמט די קינדער...

זי דערלאַנגט זיי אַרויס דורכן פענצטער

זייט אַזוי גוט.

ש כ נ ט ע

נו, יאָ, איכ׳ל שוין אַכטונג געבן.

מ אַ ג ד אַ

נעמט זיי, כ׳בעט אייך, צו אייך אין שטוב אַריין.
איך מוז לויפן שנעל געוואויר ווערן... גאָט מיינער.

אין ארויסלויפן

דאָס האַרץ זאָגט מיר... אָ, מיין היינריך!

די שכנטע גייט אוועק פון פענצטער. מ׳הערט א טומל פון אן עולם. דערנאָך א הויכן געשריי פון מאגדא.

דער גלח קומט אריינצוגיין, ער זיפצט און ווישט זיך די אויגן. ער קוקט זיך ארום. זוכט עפעס, דעקט אויף דאָס בעט — אויף גיך. ער לויפט צוריק און רופט ארויס דורך דער טיר. דער לערער און ראזירער מיט היינריכן אויפן טראָג-בעטל קומען אריין. מאגדא גייט נאָך א צעבראָכענע, כמעט געריירט פון זינען. א מאַן מיט א פרוי פירן זי. אן עולם שטופט זיך אונטער זיי אין שטוב אריין. מ׳לייגט היינריכן אויפן בעט

ג ל ח

צו מאַגדאַן

קומט צו זיך, פרוי מאַגדאַ! וואָס גאָט טוט, איז גוט,
אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען...
געטראָפן האָבן מיר אים אַ קאַלטן... הייסט דאָס...
איצטער אָבער — ווייסט ער אַלצדינג, וואָס סע טוט זיך אַרום אינ...
און לויט דעם דאָקטאָרס רייד, קען זיין,
אַז ס׳איז נאָך דאָ אַ האָפנונג.

מ אַ ג ד אַ

היסטעריש

אַ האָפנונג... אַ האָפנונג!...

רויקער

יאָ, ערט געזונט ווערן. ער מ ו ז געזונט ווערן.

גלח

איך האָף צו גאָט... און מאָמער נישט,
איז אויכעט גאָט גערעכט!

ראַזירער

נישט ווייט פונדאַנעט, זאָגט מען, וואוינט אַ פרוי, וואָס היילט אויס מיט תפילות,

אָן שום וואַסערלעך און פּראָשקעס —
נאָר מיט אַזוינע מינים שפּרוכן הייליקע!

גלח

ווערט געוואויר וואו זי איז — די פרוי —
און ברענגט זי גלייך אַהער.

מאַגדאַ

ווי אַזוי איז דאָס געשען?

לערער

ווער ווייס דען? ווער קען וויסן?
געוואָלט צוהאַלטן דעם גלאָק, נישט לאָזן פאַלן,
זיכער איז — אַז ס׳איז עפּעס נאָר אַ נס פון הימל,
וואָס ער איז נישט צעשיט געוואָרן אויף שטויב...
אַראָפּצופאַלן אין אַזאַ מין טיפענישׁ... אַ תהום...
אָט וואָס דער מענטש איז גאָר!... גאָט זאָל זיין געלויבט.

הייגריך

שוואך

אַ טרונק וואַסער!

מאַגדאַ

נעמט זיך אין די הענט אריין, צום עולם

צעגייט זיך.

גלח

צעגייט זיך! כ'בעט אייך, ס'מוז זיין שטיל.

דער עולם גייט אוועק

אויב איר וועט מיך דאַרפן האָבן — פרוי מאַגדאַ...
ווייסט איר דאָך...

ראזירער

און טאָמער דאַרפט איר מיך...

לערער

איך בלייב דאָ.

מאַגדאַ

ניין, ניין. איך דאַרף נישט קיינעם.

היינריך

גיב מיר אַ טרונק וואַסער.

גלח, לערער און ראזירער שמועסן אַ ווײַלע צווישן זיך, הייבן מיט די אַקסלען, שאָקלען מיט די קעפּ, דערנאָך גייען זיי אַפּ

מאַגדאַ

ברענגט וואַסער

דו שלאָפסט, היינריך?

היינריך

כ'בין דאָרשטיק, כ'וויל טרינקען. הערסט נישט?

מאַגדאַ

נישט ווילנדיק

נו, האָב איך דאָך געבראַכט. וואָס האָסטו אַזוי קיין געדולד נישט?

הײנריך

געדולד? אָט גאָר אינגיכן װעל איך האָבן געדולד... האָב דו נאָר געדולד

מיט מיר אַ ביסל.

ער טרינקט

אַ דאַנק, מאַגדאַ!

מאַגדאַ

אָ, הײנריך. רעד נישט אַזױ. איך האָב מורא, אַז דו רעדסט אַזױ —

הײנריך

פֿון פֿיבער

צװאָס די מורא? דו מוזט לעבן אָן מיר —

מאַגדאַ

איך קען נישט... איך װיל נישט אָן דיר לעבן!

הײנריך

דו רעדסט דאָך קינדיש. נו, גענוג — גענוג,
נישט שײן פֿון דיר אַזױ זיך צו פֿאַרלירן.
דו ביסט אַ מאַמע —

מאַגדאַ

זײ כאָטש איצט נישט אַזױ שטרענג צו מיר.

הײנריך

בעערגערט

זאָגט מען איך דעם אמת, איז מען שטרענג.
צום אַלעם ערשטן ביסטו — מוטער...
אין יענע קינדער-בעטלעך דאָרטן-אַ —

ליגט דיין גליק, דיין לעבן, דיין נויט,
איך בין בלויז דיין מאַן.

מאַגדאַ

אָבער כ׳האָב דיך ליב — גאָט, ווי איך האָב דיך ליב!
ליבערשט, ווי די קינדער, ליבערשט, ווי מיין מאַמען,
ליבערשט ווי מיך אַליין.

הײַנריך

ווייך

גיב מיר די האַנט, מאַגדאַ, כ׳בין געווען אומגערעכט צו דיר.
אָפטמאָל דיך געקרענקט, געערגערט, פאַרגיב מיר, מאַגדאַ!
איך שטאַרב, ס׳איז גוט אַזוי, גאָט זאָל זיין געבענטשט!
וואָרים ווען איך זאָל בלייבן לעבן, מאַגדאַ. בייג דיך צו, כ׳בעט דיך...
אָט אַזוי... ס׳איז בעסער פאַר אונז ביידן, וואָס איך שטאַרב.
דער אמת איז: מיין ווערק איז נישט געווען געלונגען...
איז נישט פאַר הויכע בערג געווען געבויט...

מאַגדאַ

דיינע ווערטער קען איך נישט פאַרשטיין.
איטלעכער, וואָס האָט דיין גלאָק געזען,
נישט געהאַט האָט לויב־ווערטער גענוג צו לויבן
דעם אויסדרוק פון דיין אייזערנעם גלויבן...
„קיין בלעזל אין מעטאַל — אַ קלאַנג פון זילבער און קריסטאָל״,
אַזוי האָט מען געשמועסט בײַ אונז אין טאָל,
ווען מ׳האָט דיין גלאָק צום ערשטן מאָל צווישןביימער אויפגעהאָנגען,
אויסצופרווון די שיינקייט און די ריינקייט פון די קלאַנגען.

הײַנריך

אין טאָלן איז דער גלאָקנקלאַנג אַ גוטער, אויף בערגער נישט.

דאָס ווייסטו נישט... דאָס ווייסט קיינער נישט.
איך וויל שטאַרבן און דער סוד מיט מיר —
שטאַרבן מוז מען דאָך — שפּעטער אָדער פריער.
איז בעסער איצט. וואָלט איך בלייבן לעבן,
וואָלט אַ מיאוסער פלעק געבליבן קלעפּן
אויף מיין נאָמען, מייסטער גלאָקנגיסער...
אַ שפּייטעפּל וואָלט מיין נאָמען זיין אין יעדן אויער.
דער הייסער לעבנסוויין — אָפּט זיס, אָפּט ביטער, אָבער
שטענדיק שוימענדיק און רויט,
וואָלט איצט געוואָרן אָפּגעשטאַנען, פלאַך,
און זויער און קאַלט...
אזוי אָבער גיב איך אָפּ דאָס גלאָז און זאָג „אַ דאַנק!"
און זאָל ווער עס וויל איצט ענדיקן דעם טראַנק!

## מאַגדאַ

אָ, זאָג מיר, ווי קענסטו גאָר אַזוינע רייד אויף דיינע ליפּן ברענגען,
דו — מיט אַזוי פיל פעיקייט געבענטשט,
דו — מיט אַזוינע גאָלדענע הענט,
דו — פון אַלעמען געליבט, געפּרייזט,
דו — דער רייכסטער פון די רייכע,
דו, רייך־נשמהדיקער, געבענטשטער, גאָט באַגליקטער, גאָט באַ־גליקער...

דו, וואָס דיינע גלאָקן קלינגען גליק פונאַנדער
אויף טאָל און בערג —
דו, וואָס ריינע, לויטערע פרייד איז דיר באַשערט געווען
פאַר טעגלעך ברויט...
דו קוקסט מיט אומגעדולד אויף דיין באַשאַף —
אויף דיין יינגסטן גלאָק, וואָס האָט דיר נישט געגליקט —
פאַרהאַסט אַ פאָטער דען זיין שלעכט־געבוירן קינד?...
אָ, היינריך, ווי קענסטו דען אויף מיינע אַקסלען דעם בלויען לעבנס־מאַנטל וואַרפן,

וואָס איז מיט דיין הייסן האַס באַשפּיגן —

וואָס דאַרף איך עס, וואָס נוצט עס מיר?
ווילסטו איך זאָל דאָס רענדל אויפהייבן, וואָס דו וואַרפסט אַוועק,
ווי אַ פּאַלשן גראָשן?

## היינריך

מיט אַ האַרץ אַ שווערס בין איך נאָכגעגאַנגען באַרג אַרויף,
ווען מ'האָט דעם גלאָק געפירט.
ווי איידל ס'האָבן געקלונגען מיר די זידלרייד,
די זידלרייד פון די אַרבעטער, בעת זיי האָבן אָט די שווערע איינ־
געשפּאַרטע חיה פון מעטאַל
געשלעפּט מיט אַלע כּוחות — פאַר די הערנער.
דעמאָלט האָט מיין האַרץ געלאַכט — די פרייד געדאַרפט האָט באַלד
צעקלינגען אירע רויטע רייד.
איצטער אָבער ליגט מיין גליק פאַרשטומט אין טיפן תהום...
דאָס ווערק פון מיינע הענט ליגט שטום צעשטערט.
מיין קונסט? מיין מי? מיין אַרבעט —
דערטרונקען, אויסגעלאָשן, אויסגעשפּיגן...
מיין האַרץ, מיין לעבן, מיין האָפנונג האָב איך אין יענעם גלאָק
אַריינגעגאָסן...
נו, איז נישט געלונגען, מאַגדאַ, דער גלאָק ליגט דאָרט
און איך ליג דאָ...
און מיינע רנעס גייען אויס, ברעקלען זיך, ווי ברעקלעך פון אַ דאַר
שטיקל ברויט.
דער טרויער בליט אין מיין אויג, ווי יענע קאַרשנצווייג,
וואָס האָט מיך צו דעם לעבן נישט צוהאַלטן געוואָלט.
אַ ניי לעבן דאַרף איך האָבן, כּדי צו קענען לעבן!
אפשר... אויפבליען אויפסניי פון עפּעס אַ לעגענדע־בלום,
אפשר אויפשפּראָצן אויפסניי פון מיין אייגענער צעפּאַלנקייט.
מיט שטאָל אין מיינע אָדערן, אייזן אין מיין ווילן.
מאַגדאַ, ווי פינצטער עס ווערט!
די נאַכט קומט אָן...

מ אַ ג ד אַ

אָ הייגריך, אָ היינריך. . .
וואו זוך איך אויף דעם ברונעם מיט דעם וואונדער-וואַסער דיך
צו היילן ?
מיט פיס צעבלוטיקטע געוואַנדערט וואָלט איך טויזנט מייל. . .

ה י י נ ר י ך

אין פיבער-שיכּרות

דו טייערע, דו טייערע, איך וויל נישט,
איך וויל נישט טרינקען פון דיין געטראַנק.
אַלע קוואַלן קוועלן בלויז מיט ביטערקייט,
איך וויל נישט, לאָז מיך שטאַרבן, מאַגדאַ, לאָז מיך שטאַרבן.

ג ל ח

קומט ווידער אריין

וואָס הערט זיך ?

מ אַ ג ד אַ

אוי, זייער שלעכט, אוי, זייער שלעכט...
נישט זיין קערפער נאָר איז קראַנק,
זיין זעל איז פונקט אַזוי אראָפּגעפאַלן, צעבראָכן,
וואו נעמט מען כּוח אויף צו האָפן ?

זי כאַפּט אויף זיך א שאַל

איר האָט דערמאַנט נישט לאַנג,
אַז ערגעץ דאָ נישט ווייט איז דאָ אַ פרוי,
וואָס היילט מיט תּפילות — —

ג ל ח

יאָ, פרוי מייסטערין, דאָס קום איך טאַקע איצט אייך זאָגן:
זי וואוינט אַ מייל פונדאַנעט.
זי הייסט. . . שאַ, ווי הייסט זי ? אויף יענער זייט פון גרענעץ,

אין סאָסנע־וואַלד, שטייט איר שטיבל,
זי הייסט

מאַגדאַ

וויטיקען?

גלח

וואָס פאַלט אייך איין, יענע גאָר? זאָל גאָט באַהיטן!
זי איז דעם טייוולס שיתוף... אַ מפּלה קלויבט זיך שוין אויף איר!
מ'עט איר אַזוי נישט שווייגן; — מ'שמועסט, אַז אַלע צרות,
ווי דאָס מפּלען פון די ווייבער, דאָס שטאַרבן פון די יונגע קינדער,
נעמט זיך אַלץ פון איר. —
די פרוי, וואָס איך רעד פון איר, איז גוט און פרום,
אַ פּאַסטוכס אַן אלמנה...
דער מאַן אירער — אונז צו לענגערע יאָר — האָט איר איבערגע־
לאָזט בירושה אַזאַ מין סאָרט רעצעפּט,
וואָס טוט אויף וואונדער — שמועסט מען... ווילט איר גיין צו איר

מאַגדאַ

יאָ, הער פּאַסטאָר!

גלח

טאַקע שוין?

רויטענדעליין

פאַרשטעלט פאַר אַ דינסטמיידל ברענגט יאַגדעס

מאַגדאַ

וואס ווילסטו, קינד, ווער ביסטו?

גלח

דאָס איז אַנאַ, זי דינט אין מילך־הויף.
פרעגט זי נישט, זי קען נישט ענטפערן נעבעך.
שטום, ווי אַלע שטומע... אָבער גוט ביז גאָר,
אַ טייערע נשמה.
אָט האָט זי יאַגדעס געבראַכט.

מאַגדאַ

קום אַהער, קינד מיינס...
וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן?
דו זעסט: דער מענטש איז קראַנק —
ער שלאָפט איצט. זיי לעבן אים,
טאָמער וועקט ער זיך...
פאַרשטייסטו, וואָס איך רעד?
פינדיקליי, זאָגט איר, הייסט די פרוי?
דער וועג איז אָבער ווייט אַזוי —
כ'בעט דיך, קינד, זיץ דאָ אַ מינוט,
איך לויף אַריבער צו דער שכנטע,
כ'וועל זי בעטן גיין פאַר מיר דעם גאַנג... אַך, גאָט מיינער!

אָפּ

גלח

בלייב דאָ אַ ווײַלענקע... כ'מיין די קענסט זיך זעצן.
זעץ דיך! ווי לאַנג מ'דאַרף דיך האָבן,
זיי צו דער האַנט, גאָט וועט דיר דערפאַר באַצאָלן.
איי, ווי צייטן בייטן זיך!
און דו, מיין קינד, האָסט זיך אויכעט שטאַרק געביטן —
די לעצטע צייט. נו, זיי נאָר אַ גוט מיידל,
וועט דיר גאָט צושיקן אַ שידוך,
אַ פנימל האָסטו, דאַנקען גאָט, אַ שיינס,
און ס'פיגורל דיינס...

כ׳לעבן, אַז מען קוקט זיך צו, איז נישט צום גלייבן.
כ׳מיין, עפּעס ביסטו יאָ די זעלבע און נישט די זעלבע.
דו זעסט אויס, ווי אַן אמתע פּרינצעסין —
נו, גיי ריכט זיך, אַז אַ דינסטמיידל... —
לייג אים קאַלטע האַנטיכער צום קאָפּ —
ער ברענט נעבעך!

צו היינריכן

שיק אים גאָט די אמתע רפואה.

אָפּ

## רויטענדעליין

בין איצט אָנגעשראָקן און שטיל. איצט איינגאָנצן אַן אַנדערע,
פּאָרעט זיך האַסטיק

פונקען, פונקען, פונקען פיין,
גיט אַ בליץ און גיט אַ שיין,
נעם באַווייז דיך, רויטער ווינט,
בין, ווי דו — אַ געצנקינד,
זורע, זורע, זורע זשום,
פייער, פייער קום!

דאָס קוימען-פייער הייבט אָן צו ברענען

קעסל, קעסל, קאָך דיך אויף,
זיד און זיד און קאָך זיך אויף,
יאַיכל, יאַיכל — פייל פון בויגן,
ווייז מיר דיינע פעטע אויגן,
זשורע, זשורע זשאָך,
קעסל, קעסל קאָך.

היינריך האָט געעפנט די אויגן, גאַפט אויף רויטענדעליין

בין איך טויב און שטום
און אַ דינסטמויד פרום.
וועל איך ריבן שאָבן

װעל איך װאַסער טראָגן —
פײַער, פײַער, רױט צעגליט,
פײַער, פײַער, לעש דיך ניט!

ה י י נ ר י ך

פאַרגאַפּט ביז גאָר

װער... זאָג, װער ביסטו?

ר ױ ט ע נ ד ע ל י י ן

ניך און פרײ

איך, רױטענדעלײן.

ה י י נ ר י ך

רױטענדעלײן: דעם נאָמען האָב איך קײנמאָל נישט געהערט.
דאָך געזען דיך האָב איך ערגעץ װאו —
װאו האָב איך דיך געזען?

ר ױ ט ע נ ד ע ל י י ן

אױבן, אױף די הױכע בערג.

ה י י נ ר י ך

יאָ, יאָ, אמת. איך בין דעמאָלט זײער קראַנק געװען
און געחלומט האָב איך, אַז איך זע דיך,
און איצט, איצט זע איך דיך אין חלום װידער...
מאָדנע, װי אַ חלום קען פאַרפירן.
דאַכט זיך: מײַן שטוב?
דאָרטן ברענט אַ פײַער אין קאַמין,
איך ליג אין בעט. בין זײער קראַנק,
כ׳האַלט די האַנט באַם פענצטער —
אין דרױסן פליט אַ שװאַלב.
אין גאָרטן שפּילן זיך די פײגל,
עס שמעקט אַרײַן די ערד, דאָס גראָז,

דאָס זע איך אַלץ, ווי ס׳וואָלט זיין אויף דער וואָר...
זע — די דעק, וואָס דעקט מיך צו... אַ יעדער נאָנט,
אַ יעדער שטיקל פּאָדעם... אָט איז אַ קניפּ...
און פּאָרט איז עס אַ חלום.

רויטענדעליין

אַ חלום, מיינסט אַזוי?

היינריך

נו, געוויס, אַ חלום!

רויטענדעליין

ביסט זיכער?

היינריך

יאָ. ניין. ניין. יאָ. וואָס רעד איך? נאָר נישט פון שלאָף דערוואַכן!

דו פרעגסט מיך, צי כ׳בין זיכער אין דעריינען?
עס איז קיין חילוק נישט אַ קינד...
אַבי דו שטייסט און קוקסט אויף מיר.
דו חלום מיינער! דו לעבעדיקער חלום מיינער!
איך האָב דיך ליב, אָ חלום!... בלייב מיט מיר!

רויטענדעליין

אַזוי לאַנג, ווי דו ווילסט אַליין.

היינריך

און דאָך איז עס אַ חלום.

רויטענדעליין

אָט וועסטו עפּעס זען. דו זעסט מיין פיסל?

דאָס־אָ זעסטו?

(אייזט דעם פוס־פלאַך)

נו, און דאָס־אָ האָזן־ניסל זעסטו?
נעם איך אָט אַזוי די נוס צווישן גראָבן פינגער און דעם אַנדערן,
לאָז זי אונטערן פוס און — קנאַק! די נוס איז אויפגעקנאַקט,
איז דאָס אויך אַ חלום?

ה י י נ ר י ך

גאָט ווייסט.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איצט זע ווייטער: אָט קום איך צו,
אָט זעץ איך מיך אָט דאָ אויף דיין בעט —
אָט בין איך... אָט זיץ איך.
אָט קיי איך מיר ס'קערל פון דער נוס...
כ'מאַך דיר אפשר ענג?

ה י י נ ר י ך

נייך, זאָג מיר אָבער פאָרט: ווער ביסטו?
פונוואַנעט קומסטו דאָ? וואָס
ביסטו אויסן מיט אַ מענטשן, וואָס זיין לעבן
ציילט זיך בלויז אויף רגעס?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דו געפעלסט מיר.
פונוואַנעט שטאַם איך — ווייס איך נישט.
וואוהינצו גיי איך — ווייס איך נישט.
די וואַלד־באָבע האָט מיך אין גרויען מאָך געפינען
און די מאַמע פון אַ ווילדן הירש האָט מיר די ברוסט געגעבן
אין וואַלד, אין פעלד, אין באַרג — בין איך, ווי אינדערהיים
אינמיטן ווילדן ווינט — בעת ער זשווזשעט, הוזשעט און מיאַוקעט,
ווי אַ ווילדע קאַץ —

דריי איך מיך מיט אין וויכער דורך דער לופט...
און איך לאַך און שריי פון פרייד, — אַז עס ציטערן די בערג.
און שרויטן, פּיפּערנאָטערס, וואַסער־מענטשן,
אַלע פּלאַצן פון געלעכטער, ווען איך לאַך.
און ווער איך בייז, איז אוה! ... די אויגן רייס איך אויס,
איך בייס זיך איין און דראַפּע מיט די נעגל...
ס׳איז בעסער, אַז מען הייבט נישט אָן מיט מיר,
נאָר אַז מען הייבט נישט אָן מיט מיר, איז אויך נישט גוט.
קאַפּריזן האָב איך, ווי די זון האָט פלעקן,
און שווער איז אויסקומען מיט מיר.
דיך אָבער האָב איך ליב, דיך בייס איך נישט.
ווילסטו — בלייב איך דאָ, נאָר בעסער וואָלט געווען,
זאָלסט מיט מיר אויף מיינע הויכע בערג אַרויף.
וועסט שוין זען — עס וועט דיר באַנג נישט טון,
איך וועל דיר ווייזן דימענטן און אַנדערע איידלשטיינער,
ווי זיי ליגן אין די פעלזנשאַכטן.
טאָפּאַזן, שמאַראַגדן, אַמעטיסטן,
און וואָס דו וועסט מיך הייסן, וועל איך טון.
ס׳איז וואָר: איך בין אַ פוילע און אַ שלעכטע,
וואָס אין קאָרט, דאָס בין איך —
דיר אָבער וועל איך בלאָזן דיינע טריט,
דיר שטענדיק קוקן נאָר אין מויל אַריין, —
נאָך איידער דו וועסט וועלן עפּעס,
וועט עס שוין געשען...
די וואַלד־באָבע זאָגט אפילו...

הײַנריך

ווער איז די וואַלד־באָבע?

רויטענדעליין

די וואַלד־באָבע — קענסטו נישט?

היינריך

ווי יעדער מענטש, בין איך אויך צומייסטן בלינד.

רויטענדעליין

אָט באַלד וועסטו די אויגן עפענען.
איך האָב אזאַ מין כוח,
אַז יעדן איינעם, וואָס איך קוש די אויגן,
הייבט אָן זען, ווייט און הויך ביז אין לעצטן הימל.

היינריך

טאָ גיב אַ קוש.

רויטענדעליין

וועסט זיך נישט רירן?

היינריך

פרווו, וועסטו זען.

רויטענדעליין

קושט אים אין די אויגן

אויגן, עפנט זיך!

היינריך

דו טייער קינד!
איך בין בלינד געווען, איצטער קוואַלט אין מיר די ליכטיקייט.
און מיט די שטומע חושים מיינע טאַפּ איך אָן די וועלט,
וואָס דו האָסט מיר איצט געעפנט.
מיינע אויגן שלינגען דיינע אויגן איין
און טאָפּל־שטאַרקער זע איך.

רויטענדעליין

נו, שלינג מיך איין, נו, שלינג מיך!
און קוק אויף מיר און טרינק מיך אויס... דו דאָרשטיקער!

## היינריך

ווי שיין עס איז דיין זאַפראַן־גאָלדענער קאָפּ!
מיט דיר, מיין טייערע, דו שענסטע פון חלומות,
וועט דאָס קלענסטע זשאַבע־שיסעלע ווערן ווי אַ קעניג־שיף,
וואָס פליט מיט זעגלען פורפורנע —
דער מאָרגן־זון אַנטקעגן. —
פילסטו דען דעם מערב־ווינטס באַגינען,
ווי ער נעמט דעם דרום־ים אין זיינע אָרעמס,
שאָקלט אים אַרויף, אַראָפּ,
ביז ווייסע, שוימענדיקע, נחתדיקע טרערן שפּריצן אים
פון מויל און אויגן.
וואָס פאַר אַ דימענטענע פרישקייט! רעגנבויגן־שיינקייט!
און מער אויסגערוט אויף גאָלדס און זיידנס,
פון סאַמעטענע טראַכטונגען אַריבערשיקן
אַהין, צו יענער שפּינוועבדיקער ווייטקייט —
וואָס ליגט צווישן אונז און די ווייסט שוין וואָס. . .
דו דערקענסט דעם גרינעם אינזלבערג,
די מידע צווייגנהענט פון זילבערנע בעריאָזעס,
וואָס בייגן זיך, און גייגן זיך,
און באָדן זיך די פינגערשפּיצן
אין שאָטנפלייכקייט —
דו הערסט אַ פרייד־געזאַנג פון אַלע פרילינגבריגנגער,
וואָס וואַרטן שוין אויף אונזער קומען —

## רויטענד עליין

מאכט אלערליי צערעמאָניעס

שלאָף איין, שלאָף איין, שלאָף איין!
דערוואַכסטו — ביסטו מיין,
אין וואַסער און אין פייער
בלייבסטו מיין געטרייער.

זי פאַרעט זיך צרוּם קאַמין

אוצרות ברענען ליכטיקע,

פאַלשע אָדער ריכטיקע.
זאָלן בילן בייזע הינט,
ווער סע זעט, און ווער ס'איז בלינד...
אוצרות ברענען ליכטיקע —
ווייל זיי זענען וויכטיקע.

צו היינריכן מיט אַ צערעמאָניע

איינס, צוויי, דריי,
איצטער ביסטו פריי...
פריי און אויפגעבונדן —
זענען דיינע וואונדן...

ה י י נ ר י ך

כאַפּט זיך אויף

וואָס איז מיט מיר? וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער שלאָף האָט מיך פאַרוויגט? וואָס פאַר אַ שמעקנדיקער אָטעם האָט מיך אויפגעוועקט?

וואָס פאַר אַ נייע זון ברענט אין הימל —
און גיסט אַריין אַ ברכה אין מיין פענצטער
און בענטש די האַנט מיינע.
אָ, פרימאָרגנאָטעם!
אָ, גאָט!
איז עס דיין ווילן, וואָס שלאָגט אין דיינע אָדערן?
איז עס דיין וואונדער, גאָט, וואָס מאַכט מיין האַרץ איצט קלאַפּן מיט אַזוי פיל פרייד?
אָ גאָט, איך האָב דערוואַכט... דיין נאָמען אויף מיין ליפּ,
דיין שטילסטער רוף — אין מיינע בלוטן אַ באַפעל,
דיין גורל — אַ שטעקן פאַר מיין שוואַכער האַנט...
איצט וויל איך וואַנדערן אויפסניי אין יענעם לאַנד אַריין, וואָס רופט זיך „לעבן״
און ווינטשן און האָפן און קעמפן און שאַפן, און שאַפן!

מ אַ ג ד אַ

קומט אַריין

ה י י נ ר י ך

מאַגדאַ, דו ביסט דאָ?

מ אַ ג ד אַ

ער שלאָפט שוין נישט?

ה י י נ ר י ך

איך פרעג דאָך, צי דו ביסט דאָ, מאַגדאַ?

מ אַ ג ד אַ

דערפרייט

ס'איז דיר בעסער?

ה י י נ ר י ך

געריידט

יאָ, איכל לעבן — איכל לעבן...

מ אַ ג ד אַ

אויסער זיך פון פרייד

ער לעבט! ער לעבט! אָ, היינריך מייערער! היינריך מיינער!

רויטענדעליין שטייט אין דער זייט און האָט הנאה

פ אָ ר ה אַ נ ג

# דריטער אקט

א פארלאָזענע גלאָז-היטע אין די בערג. נישט ווייט א פעלד מיט שניי. רעכטס — אַן ערדענע רינווע, דורך וועלכער עס רינט וואַסער דורך אַ שטיין אין אַ נאַטירלעכער, שיינערנער קאָריטע אריין. לינקס אָדער אין הינטערגרונט: אַ שמידערייַ מיט קוימען און בלאָז-זאַק.

לינקס הינטן, ווי דורך אַ טויער, די באַרג לאַנדשאַפט. באַרג-שפּיצן, טיפע סאָסנע-וועלדער — זייער נאָענט אַ פעלז-באַהעלטעניש.

דער וואַלדניק, וואָס האָט זיך שוין געזען פריער לעבן שטיבל, האָט אַ וואָרף געטון אַן אויסגעריסענעם בוים-וואָרצל אויף אַ הויפן האָלץ. שלעפּט זיך פויל צריין און קוקט זיך אום.

דער וואַסערניק הייבט זיך ביז צו דער ברוסט פון דער קאַרעטע אַרויס.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

קום נאָר אריין — ברעקעקעקעקס!

ו ו אַ ל ד נ י ק

דו ביסט עס?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

יאָ, שדים זאָלן נעמען דעם רויך און די סאַזשע.

ו ו אַ ל ד נ י ק

זיי זענען אַוועק אויף שפּאַציר?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

וועגן וועמען רעדסטו?

ו ו אַ ל ד נ י ק

ווער? — זיי!

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

איך מיין אַזוי, אַז נישט וואָלטן זיי דאָך געווען ד אָ.

ו ו אַ ל ד נ י ק

איך האָב אָט ערשט באַגעגנט אים... דו ווייסט דאָך?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

אים אַליין?

ו ו אַ ל ד נ י ק

מיט זעג און האַק.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

וואָס האָט ער געזאָגט?

ו ו אַ ל ד נ י ק

ער האָט געזאָגט, אַז דו קוואַקעסט צו פיל...

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

לאָז ער זיך די אויערן זיינע אָנשטאָפּן מיט מאָך.

ו ו אַ ל ד נ י ק

דו קוואַקעסט, זאָגט ער, צופיל. צי אָפּ, ס׳קען רירן אַ שטיין.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

מ׳קאָפּ וועל איך איך אים אָפּדרייען.

ו ו אַ ל ד נ י ק

וואָדען? — וועסט אים שווייגן?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

די אַנדערע וועלן אויך באַ מיר נישט טרוקן אָפּשניידן.

ו ו אַ ל ד נ י ק

לאַכט

אַ מיאוס באַשעפעניש!
שטופּט זיך אין די בערג אַריין, זוכט און נישטערט.
גראָבט און גראַבלט, ברעכט און בויערט,
גנבעט פון דער ערדס געדערים מעטאַלן אַלערליי,
ער שפּאַנט דעם ערד-שרויט און דעם וואַסער-שרויט אַריין אין זיין געשפּאַן
אַאי — מיר נישט, דיר נישט... הפקר כריין!
די שענסטע וואַלד-באַשעפעניש נעמט ער פאַר אַ ווייב —
און אונזער איינער מוז שטיין פון וייטן, צוקוקן און שווייגן.
זי גנבעט מיר די בלומען — דאָס צירונג פון דער ערד,
דאָס געלע גאָלד, דעם בלויען און דעם גרינעם איידלשטיין...
און אונז — דערקענט זי נישט...

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

ברעקעקעקעקס! ווען דו וואָלסט אים געוועזן כאַפּן דעמאָלט אָ,

וואָלט ער שוין געלעגן און געפֿילט.

וואַלדניק

באַ אַלע שוואַרצע הענער — דו ביסט גערעכט.

וואַסערניק

שטאָט דעם לעבט ער און איז געזונט און שטאַרק
און טרענט די אָדערן פֿון אונזער באַרג.

כמעט וויינענדיק

ער מאַכט איר קײטלעך, רינגען, פֿליטערלעך,
און צירט איר אויס די ברוסטן און דעם שטערן.

וואַלדניק

באַ מיין ציגנפּנים שווער איך — דו ביסט אַ נאַר,
ער שטיפֿט מיט איר אַ ביסל, און אָט דערפֿאַר
ייגסטו. אַז זי איז פֿאַרליבט אין מאַכער פֿונעם גלאָק!
שעמען מעגסטו זיך, דו אַלטער באָק!
און וויל זי דיך נישט, נו, איז וואָס?
אין ים ביסטו נאָך באַלעבאָס!
דער ים איז טיף, די וועלט איז גרויס און ברייט,
טאָ זוך דיר אויס אַ שיינע וואַסערמויד,
לעב זיך ווי אַ גראַף... צו אַלדי שוואַרצע יאָר...
די ליבע איז אַ נאַרישקייט און גאַר!
נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ וואָך, — וועסט זען,
ווי זייער ליבע ענדיקט זיך מיט שלאָפֿן גיין...

וואַסערניק

איך וועל אים אומברענגען, וועסט זען.

וואַלדניק

רעד קיין נאַרישקייטן נישט... זי היט אים, ווי ס׳אויג אין קאָפּ.

וואַסערניק

איך פּאַק אים באַ דעם גאָרגל און בייס אים מיט די ציין.

וואַלדניק

דו וועסט זי נישט באַקומען!
וואָס קענסטו טון? די באָבע איז מיט אים...
פּאַרפאַלן. שריי היינט, שריי מאָרגן —
קענסט דיך סיידן זעצן זאָרגן!

וואַסערניק

מירן זעען פונדעסטוועגן!

וואַלדניק

די צייט גייט זיך שנעל איר גאַנג
און מענטש בלייבט מענטש... דער טומל דויערט נישט לאַנג.

רויטענדעליין

מ׳זעט זי נאָך נישט, מ׳הערט איר געזאַנג

אַרום דעם פייער —
זינג־אַ־זינג —
פליט דער שיינער
שמעטערלינג,
אין דעם פייער —
זינג־אַ־זינג —
שטאַרבט דער קליינער
שמעטערלינג.

באַווייזט זיך

אוי, וואָס פאַר אַ ליבע געסט! גוטנאָוונט אייך!
האָסטו מיר דאָס גאָלד געוואָשן, וואַסערניק?
האָסטו מיר האָלץ געבראַכט, וואַלדניק?
זעט, ווי איך בין אָנגעלאָדן מיט אַלדעס גוטס...

אָפּגעגאַנגען זיך די פּיס אַ גאַנצן טאָג —
אָט זענען באַרג-קריסטאָלן, דימענטלען...
אַ זעקעלע מיט גאָלד-שטויב האָב איך אויך
אין סטעלניק! או, ווי הייס ס'איז היינט.

וואַסערניק

נאָך אָט אַזוינע טעג
קומען קאַלטע נעכט.

רויטענדעליין

קען זיין. קאַלט וואַסער איז דיין היים.
נו, נעם און שפּרינג אַריין!

וואַלדניק לאַכט אומזיניק

וואַסערניק טוּנקט אונטער און פאַרשווינדט אָן שום גערויש

רויטענדעליין

ער מאַכט מיך בייז מיט זיינע נאַרישקייטן.

וואַלדניק

לאַכט

אַ ים-פערד!

רויטענדעליין

דאָס זאָקנבענדל האָט זיך מיר אַרויפגערוקט און שניידט מיר איין די קני.

וואַלדניק

ווילסטו כ'זאָל עס דיר אַראָפּרוקן?

רויטענדעליין

כ'דאַנק דיר פאַר דער טובה.
נעם טראָג דיך בעסער אָפּ פונדאַנעט,

דו ברענגסט מיט זיך אַ שלעכטן ריח און מיאוסע פליגן,
זיי רויען זיך אַרום דיר — ווי אַ כמאַרע.

וואַלדניק

מיר זענען זיי פיל ליבער, ווי די שמעטערלינגען,
וועלכע טומלען זיך אַרום מיט בליונג-שטויב אויף זייערע פליגלען
און טשעפּן זיך צו דיינע ליפּן, דיינע האָר,
און ווען די נאַכט קומט, שלאָפן זיי אויף דיינע ברוסט און היפטן.

רויטענדעליין

זע נאָר, זע נאָר, ער האָט זיך שוין צערעדט!

וואַלדניק

ווייסטו וואָס? שענק מיר אָט דאָס רעדל פון אַ וואָגן.
וואו האָסטו עס גענומען?

רויטענדעליין

קוקט עס אָן און ווייסט גאָרנישט! מאַכט זיך, ווי געפּגרט.

וואַלדניק

ווען איך זאָל דעם גלאָקנוואָגן נישט געווען צעבראָכן,
וואָלט זיך יענער פויגל נאָך נישט אין דיין נעץ געצאַפּלט.
גיב זשע מיר דערפאַר אַ דאַנק, שענק דאָס ראָד,
מיט פעך-באַשמירטע שטריק דריי איך אים אַרום
און צינד אים אָן.
און גיב אים אָט אַזאַ מין שאָס אַראָפּ פון העכסטן באַרג...
דאָס וועט זיין אַ שפּאַס אַ ביסל!

רויטענדעליין

און שרפות מאַכן אין די דערפער?

וואַלדניק

יאָ, כיכי! אַ רויט פייער אין אַ רויטן ווינט.

רויטענדעליין

זיי קיין נאַר נישט, און רעד אַ ביסל ווינציקער...
אַלע דיינע פלענער זענען ווינט... און טראָג זיך אָפּ.

וואַלדניק

וואָס טרייבסטו מיך אַזוי? —
לאָז מיך נאָך אַ ביסל... שאַ, וואָס מאַכט דאָס מייסטערל?

רויטענדעליין

ער שלאָפט אַ ווערק.

וואַלדניק

דאָס וועט זיין מסתמא — אַ נייער זעלטענער גלאָק.
זעם אומרו פון די טעג, די סאַזשע פון די נעכט
מאַכן וועט ער פאַר די קלאַנגען קנעכט
דער באַרג בענקט צו דעם טאָל — דער טאָל בענקט צו דעם בערג,

און אַט אַזוי עס ווערט דאָס וואונדערווערק...
דעם מייסטערס ווילן אויסגעגאָסן — זודיק-הייס,
און ביז צום גיהנום שמעקט דער אַרבעטס-שווייס.
זיין האַנט-באַשאַף, האַלב חיה און האַלב גאָט...
די ערד צום רום, דעם הימל צום געשפּאָט.
זעסט דעם ניסנוואַלד דאָרט הויך?
וואָס ער קען — קען איך אויך!
פון דיר מיט אים — איך קען דיר שווערן —
וועט משיח נישט געבוירן ווערן...
טאָ קום מיט מיר.

רויטענדעליין

די מיאוסער יונג. די זון פון טויזנט זינד,
וויל איך, נעם איך און איך מאַך דיך בלינד,
מיין אויסדערווײלטער — גריבלט, פאָרשט, זוכט

אויסצוליייזן יעדן גייסט, וואָס איז פאַרפלוכט...
און אַז זיין האַמער קלינגט דורך נאַכט און רו,
ברעכט זיך דאָרט די קייט, וואָס האַלט אייך צו...
אַ טויטע קללה הערשט אויף אייך און אונז און אַלץ און אַלץ...
און דאָס פייער גרייכט שוין ביז צום האַלז...
טאָ האָרכט איר אַלע, וואָס איר זעט זיך נישט, האָרכט און ווייסט —
אַז ווייט אַרום אונז הערשט דעם מייסטערס גייסט!

## וואַלדגיק

אַ דאגה מיר... דו גריס בעסער דיין ליבן מאַן
און איצטער... גיב איך מיר אַ שפּאַן —

אָפּ מיט אַ בעלעכטער

## רויטענדעליין

איך ווייס נישט, וואָס מיר איז, די לופט איז וואַרעמלעך און שווער...
כ'וועל גיין צום פעלד מיט שניי אָט דאָ דערביי...
די הייל איז קיל... דאָס וואַסער,
גרין און קאַלט ווי אייז, וועט מיך דערקוויקן.
איך האָב היינט אויף אַ שלאַנג אַ טרעט געטון,
געזעסן איז זי אויף אַ שוועבל-גרינעם שטיין און זיך געוואַרעמט...
זי האָט געוואָלט אַ ביס טון... דאָרט אויבן בײַ דעם וואַסער-פאַל,
אַך, ווי שווער די לופט איז! שאַ! איך הער, מ'גייט, מ'קומט! הע, ווער קומט?

## גלח

אין באַרג-קאָסטיום. כמעט אַן אָטעם, באַווייזט זיך לעבן דער טיר

אָט דאָ אַהער ראַזירער, גייט מיר נאָך! אָט אַהערצו!...
ס'איז נישט קיין קלייניקייט געווען — נאָר דאַנקען גאָט,

דערגרייכט... און אויב ס'איז באַשערט — וועט מיין מי
נישט זיין אַרויסגעוואָרפן...
די פאַרלוירענע שאָף וועל איך דעם פאַסטוך אומקערן —
מיט גאָט זיין הילף — צו אונזער ווייסער טשערעדע.

דערזעט רויטענדעליין

אָ, זע! אָט איז דאָך!...

רויטענדעליין

בלאַס און דערצאָרנט

וואָס זוכט איר דאָ?

גלח

ווערסט באַלד געוואויר ווערן...
דער הימל איז אַן עדות,
אַז דו וועסט נישט דאַרפן לאַנג צו וואַרטן.
לאָמיך נאָר א ביסל אָפּדעכן,
אָפּכאַפּן דעם אָטעם, הייסט עס —
נאָר צום אַלעם ערשטן, זאָג מיר, קינד מיינס,
ביסט אַליין?

רויטענדעליין

וואָס פרעגט איר מיך?

גלח

פאַרשטיי זשע, מיידל.
מיר זענען דיר חלילה גאָר קיין שלעכטס נישט אויסן...
און דאָס, וואָס דו ענטפערסט מיר אַזוי, פאַרשטייסטו מיך,
איז ע... איז ע...

רויטענדעליין

מענטשעלע, היט זיך!

### גלח

אנטקעגן איר מיט צונויפגעלייגטע הענט

מיר קענסטו גאָרנישט טון,
מיין האַרץ איז ריין, ווי גאָלד. איך שרעק מיך נישט.
דער, וואָס האָט אַריינגעגעבן כּוח אין מיינע גלידער
צו קלעטערן ביז אָט אַהער אין אייער נעסט אַריין...
דער וועט מיך אויך ווייטער נישט פאַרלאָזן. —
לאָז איבער אויף אַן אַנדערש מאָל, דו טייוולטע!
דיין כּשוף און די אַלע שוואַרצע קונצן דיינע, —
מיט אונז איז גאָט!
אין די בערג אַריין האָסטו אים פאַרנאַרט... הע?

### רויטענדעליין

וועמען?

### גלח

דעם מייסטער היינריך... וועמען־דען?
מיט כּישוף־קונצן און מיט קרייטעכער אַזוינע —
האָסטו אים דערטאַפּט...
געמאַכט פון אים אַ קעצעלע — קוצי־קיץ... ס'קעצל גייט,
אַ מאַן ווי ער, אַ פאָטער פון צוויי קינדער — אַ מענטש צו גאָט און לייט
און פרום, וואָס פרומער קען נישט זיין: אָ, גאָט גערעכטער!
אַזוינס זיך צו פאַרלויפן! אַ העזהניצע... פון אַלדי גוטע יאָר
פירט אים פון דעם גלייכן וועג אַראָפּ...
בינדט אים הענט און פיס — מיט וואָס?
מיט פאַרטוכלעך, מיט זאָקנבענדלעך!...
אָך, די בושה איז גרויס,
דער ווייטיק איז נאָך גרעסער.

### רויטענדעליין

בא דיר אַליין האָב איך דאָך גאָרנישט צוגענומען.

גלח

האָסט צוגענומען באַם ווייב — אַ מאַן.
די קינדערלעך — אַ פאָטער,
באַ גאָט — אַ טרייען דינער...
און באַ דער גאַנצער וועלט — אַ מייסטער!

רויטענדעליין

פלוצים ווי א זיגערין

עי, קוק זיך נאָר אַרום, וואָס זעסטו? וואָס הערסטו?
קלינגען דיר די טריט — ווי טריט פון אַ געפאַנגענעם?
דאָרט גייט די פרייהייט און די שטאָלצקייט!...
אַ קעניג קומט — אַ קעניג גרויס און פריי...
נישט צוגעבונדן צו זיין שווערער קרוין
אָט זעט!

זי לויפט אים אנטקעגן און וואַרפט זיך אים אין די אָרעמס

הייבריך

אין א קינסטלערישן ארבעטס-קאָסטיום. האמער אויפן אָרעם.
האלט רויטענדעליין באַ דער האנט. דערנענטערט זיך, דערקענט
דעם גלח

זייט געגריסט!

גלח

זאָל גאָטס נאָמען זיין געלויבט!
גרויסער מייסטער, צי זעען מיינע אויגן קלאָר?
ווי גרויס און שטאַרק און שיין איר זענט, אָ מייסטער!
און ערשט... אַנומלטן, ווי לאַנג איז דען אין דעם,
געלעגן קראַנק, אויסגעצערט אַזוי...
מ'האָט כמעט די האָפנונג שוין פאַרלוירן...
און איצטער! גאָטס וואונדער זעען גרויס...
דיין גוטסקייט האָט קיין גרענעץ נישט...

ווי דער קעניג דוד דאַרפט איר טאַנצן... שפּילן אויף די צימבלען

און אָפּגעבן צו גאָט אַ לויב!

אַ וואונדער איז געשען!

היינריך

אמת, אמת. דורך אַלע מיינע חושים

רעדט דאָס וואונדער! גיי, מיין טייערע...

ברענג דעם וויין און גיב די געסט פאַרזוכן!

גלח

אַ דאַנק. נישט היינט, נישט איצט.

היינריך

גיי ברענג, איך שווער, אַז דער וויין איז גוט.

נאָר... ווי איר ווילט, איך בעט אייך — זיצט.

זינט איך האָב פון שוואַרצן שאַנד אַרויסגעריסן,

וואָס קראַנקייט ברענגט מיט זיך —

זע איך אייך צום ערשטן מאָל־היינט. נו, טייערע,

איר זענט בײַ מיר די בעסטע געסט...

די גרעסטע געסט — אין אָט דעם קליינעם שטח

פון מיין נייעם שאַפן...

איך דאַנק אייך, איצט זע איך ערשט, ווי הויך איר שעצט

די אַרבעט און דאָס שאַפן און די ליבע.

מיט פויסטן אייזערנע ברעכט איר דאָך

די פעסטע וואַנט פון דורות־אַלטע ליגנס,

פון דורות־אַלטע שימלפלעקן אויף די מענטשנס הערצער...

און נאָר דאָס רייַנע לעבן — רעדט צו אונז — דורך גאָט — דורך שווייגן.

גלח

נו, גאָט זיי דאַנק. איך פיל, איר זענט דער זעלבער, וואָס געווען.

די מענטשן זאָגן ליגן — ווען זיי זאָגן,
אַז איר זענט אַן אַנדערער געוואָרן.

הײנריך

איך בין דער זעלבער און — אַן אַנדערער...
גאָטס ליכט איז שטיל אויף מיר געפאַלן...

גלח

אַ קלוג וואָרט.

הײנריך

ווילט איר, שטרעקט מיר אויס די האַנט,
איך שווער בײַ הענער און בײַ פּאַוועס גאָלדענע,
אַז מיין האַרץ איז איצט פאַר אייך אַן אָפענער גאָרטן.
די טירן — ווייט צעעפנט.

גלח

די וועלט איז פול מיט וואונדער...

טראַכט

זאָגט מיר, מייסטער, וואָס באַטייט די שבועה, וואָס איר שווערט בײַ הענער

און בײַ פּאַוועס גאָלדענע?

הײנריך

איך ווייס נישט אַקוראַט... איך ווייס נאָר,
אַז דאָס קרייען פון די הענער און די שווערע
טוי-באַשפּריצטע מאָרגנפרישקייט
און אויך דער גלאַנץ פון פּאַווע-פעדערן...
אין גרין, אין גאָלד, אין בלוי...
ווי דער שפּיץ פון קלויסטער אין דער זון...
נאָר וואָס מאַכט עס אויס? אָט איז ווײַן!

איצט טרינק איך אויף דעם גליק פון אלע,
וואָס קלעטערן פאַרעקשנט צוריק אויף יענעם הויכן באַרג,
וואָס טרייסלט זיי פון זיך אַראָפּ... איך טרינק!

גלח

איך דאַנק אייך און זאָגן קען איך אייך,
אַז מיטן גאַנצן האַרץ וואונטש אייך געזונט.

היינריך

בייט אויף און אָפּ

איך בין געהיילט, איך פיל עס אין די פולסן מיינע,
וואָס שלאָגן, ווי די האַמערס אויף קאָוואַדלעס...
נייער כּוח! און לעבן פרישט — ווי ווײַן פון נייע ווײַנטרויבן...
מײַן אָרעם איז מיט שטאָל געפעסטיקט...
מײַן ברוסט — מיט רייפן אײַזערנע...
מײַן האַנט — צו די קלויע פון אַן אָדלער,
און אויסשפּריצן ווילט זיך די קראַפּט אין רויטע פונקען...
זעט איר דאָס וואונדער דאָרטן אין מײַן גאָרטן?

גלח

וואָס מיינט איר?

היינריך

דאָרט, דאָס אַנדערע וואונדער. קוקט!

גלח

איך זע גאָרנישט.

היינריך

איר זעט אָט יענעם בוים?
פון בליץ איז ער געווען געטראָפן און דערשלאָגן,
נאָר זײַן מוט איז גרויס געווען, האָט ער שטיל געריפן צו די הימלען,

האָט ער שטיל געבעטן באַ די נעפּלען —
קראַנקערהייט געקלעטערט צו די וואָלקנס און געבעטן כּוח.
איז דער בוים אַ בליענדיקער נעפּל...
אַ ווייטע נישטיקייט — צו זען און צו גלויבן.
פּונקט ווי יענער בוים האָב איך דורך ווייטע נעפּלען,
ווייטער האָפענונג, ווייסן גלויבן
דערגרייכט צוריק צו יענעם ברעג... וואו ס'ענדיקט זיך דער סוף —
און ס'הייבט זיך אָן דער אָנהייב פון אומענדלעך-גרויסן רינג,
וואָס האָט קיין אָנהייב נישט!

## ג ל ח

רעדט ווייטער, ווייטער. אייער יעדעס וואָרט איז ווי דאָס ליכט באַ דעם אַלטאַר —
קליין און פינקלדיק...
און מיינט דאָך אַזוי פיל.

## ה י י נ ר י ך

און גאָט האָב איך מיין זעל געטרויט.
ער האָט מיך טיף אין תהום אַריינגעוואָרפן...
און צוריק מיך אויפגעהויבן...
איצט שטיי איך דאָ פאַר אייך — אַ צייכן פון זיין גרויס געבאָט.
איצט בלי איך, איצט ברענג איך פרוכט — די זאַפט איז זיינע
און וואָס עס וואַקסט אין מיר, איז גוט... ווייל גאָט איז גוט...
גלאָקן? כאַ-כאַ! איך אַליין, בין איך דען נישט אַ וואונדערגלאָק?
שפּילט דען נישט אויף צונג און האַרץ באַ מיר — זיין לויב?
לייג איך צו מיין האַנט צום אויער — הער איך, ווי עס קלינגט אין מיר...
דאָס טיפּסטע און דאָס העכסטע...
און איצטער — מייסטער איך מיין ווערק לויט מיר אַליין...
איצט ווייס איך — וואָס אַ ריינער קלונג דאַרף זיין
איצט בין איך מייסטער!

גלח

איך הער גאָר גערן, ווי מ'רופֿט אייך מייסטער —
דאָך אַליין צו רופֿן זיך אַזוי?... כ'מיין ע...
פֿאַר וועלכער קירך שאַפֿט איר אייער ווערק?

היינריך

איך שאַף נישט פֿאַר קיין קירך.

גלח

פֿאַר וועמען זשע?

היינריך

פֿאַר דעם, וואָס האָט באַפֿוילן יענעם בוים
פֿון דרערד אַרויסצושפּראָצן!
ווירקלעך, דאָס געבעט־הויז, וואָס איר האָט דאָרטן אויפֿגעבויט,
איז האַלב צעפֿאַלן, האַלב פֿאַרברענט...
דעריבער וויל איך איינדערהייך אַ נייעם פֿונדאַמענט
בויען פֿאַר אַ נייעם טעמפּל.

גלח

כ'וויל מיט אייך נישט אַמפּערן, ליבער מייסטער,
ווייזט אויס, אַז מיר פֿאַרשטייען זיך נישט גוט...
איך מיין, אַ ווערק ווי אייערס...
אַ גלאָקנשפּיל, אַ גלאָקנסימפֿאָניע. —
זאָגט מיר, כ'בעט אייך, ווער באַצאָלט דאָס געלט?

היינריך

ווער צאָלט דערפֿאַר, אַ הער פּאַסטאָר,
ווער באַלוינט דעם לוין? ווער באַגליקט דאָס גליק?
רופֿט עס גלאָקנשפּיל — רופֿט עס ווי איר ווילט — איינס איז זיכער,
אַז דער גלאָק וועט קלינגען מיט מיין האַרץ.

ציטערן מיט מיין אָטעם...
מיין זעעל האָב איך אין גלאָק אריינגעכוון —
די אורקראַפט פון דעם ערשטן דונער,
וואָס האָט זיך אין כאָאָס צעברעקלט...
ווי ס׳הילכן פון טויזנט גאָלדענע טרומייטן —
ער וועט אַריבערקלינגען אַלע קירכנגלאָקן —
אַריבערשרייען מיט ווילדער פרייד און צַנזאָגן
ס׳קומען פון אַ ניי ליכט אין אונזער וועלט.
דו הייליקע זון! דיין ליכט האָט אונז געזעטיקט!
געשפייזט די הונגעריקע רגעס אין די אייביקייטן,
דו און דיינע שוועסטער: טוי און רעגן האָבן אונז פון דער פינצ־
טערניש אַרויסגעריסן,

צו דעם גרויסן לעבן אויפגעוועקט, צום בליען.
וואַרפן מיר דעריבער דעם הימל אונזערן געזאַנגען,
און ווי די ערד, וואָס ליגט איצט גרוי געשפרייט
און שפיגלט אָפּ אַ דאַנק צו דיר
דורך גרינס און רויטס...
דורך בליונג און דורך פרוכט,
האָסטו אויך מיך צום לעבן אָנגעצונדן —
אָ זון, צו דיר גייט אויס מיין בענקעניש!
און דורך מיין צונג פון שטאָל, מיין גלאָק,
קלינג איך אָפּ צו דיר — די ברכות פון אַלע דיינע שטומע ווידע־
רגעניש...

ווי אַ צירונג־רעגן פאַלט און ברעקלט זיך דער גלאָקנדונער —
היהאָ, דורך אַלע בערג און וועלדער קייקלט זיך דער ווידער־
קלאַנג...

און אָרימע און עלנטע און שטומע... שטעלן אויף די הענט
און כאַפּן־אויף די ברעקלעך קלאַנגען, די ברעקלעך צירונג־
שטיינדלעך
און צירן־אויס דערמיט די גרויע פּאָנעם פון דעם טעגלעכן לעבן...
און דאָס פרייסט געוואַנד פון יענע פּאָנעם ווערט וייד, ווערט
גאָלד...

און האָפנונג פלאַטערט אויף אין ציט די זעגלען —
אהין צום גרויסן ים פון גליק.
מיין גלאָק —
דאָס ווייגען פון די טויבן — דאָס זינגען פון די קליינע קינדער, ווען
זיי שפּילן זיך,

די ליבע לידער, לאַנג פאַרשוויגן און פאַרגעסן,
די בענקשאַפט נאָך דעם היימלאַנד,
די פּיין פון ערשטן קוש, פון לעצטן קוש...
דאָס אַלץ ווייסט מיין גלאָק,
דאָס אַלץ רעדט מיין גלאָק
און זינגט עס ביז די הימלען מוזן הערן...
און דער גאָט געפּייניקטער — שמייכלט אויף
און זאָגט: פאַרגיט זיי,
זיי ווייסן דאָך נישט, וואָס זיי טוען.

הייבריך האָט גערעדט מיט התלהבות. איצט גייט ער אראָפּ און ארויף, צענומען פון זיינע רייד. רויטענדעליין איז ווי אָנגעשיכורט מיט ליבשאַפט, האָט טרערן אין די אויגן, לאָזט זיך אראָפּ לעבן אים, קושט אים די הענט. דער גלח האָט זיך צוגעהערט צו די רייד מיט באַהאַלטענער אימה. צום סוף ווערט ער שטיל, פאַרטראַכט. אין אַ ווײַלע אַרום הייבט ער אָן רעדן מיט געמאַכטער רויקייט — קען זיך אָבער גישט לאַנג אַזוי האַלטן

## גלח

איצט, ליבער מייסטער, האָב איך אייך גענוג געהערט...
און ווי אויף אַ האָר איז מיר אַ צטער קלאָר,
אַז וואָס די חשובע באַלעבאַטים פונם דאָרף
האָבן מיר פאַרטרויט מיט שרעק... איז וואָר.
אייער פוס, מייסטער, איז נישט געווענדט צום וועג פון אונזער
גאָט —

אַ שאָד! אַ שאָד! איך לייקן, הייסט דאָס, נישט,
אַז ווערטער האָט איר שיינע, הלוואַי אויף מיר געזאָגט.

אָבער, ווי די זאַך איז, בין איך נישט אַהערגעקומען הערן אייערע וואונדער,

נאָר העלפן אייך קומען צוריק צום גלייכן וועג.

הײנריך

איז מיין וועג דען קרום?

גלח

קרום — וואָס קרום קען זיין. מענטש! צי ווייסט איר, וואָס איר רעדט...

נישט אַנדערש, נאָר איר חלומט — גאָט באַהיט! אַ שלעכטן חלום...

דערלויבט מיר אייך צו וועקן, מיט דעם וואָרט פון גאָט...

אויב נישט, זענט איר פאַרלוירן, מייסטער היינריך.

הײנריך

איך שרעק מיך נישט.

גלח

ווי שטייט אין ביבעל:

אַז גאָט וויל וועמען שטראָפן,

שלאָגט ער אים צוערשט מיט בלינדקייט.

הײנריך

בלינד? כאַ-כאַ! נאָר בלינדע קענען מאָלן זיך אַ גאָט,

וואָס שלאָגט מיט בלינדקייט.

מיין גאָט איז ליכט, און ליכטיקייט... און פרייד

און טרינקט מיין אויג די איידעלע שיינקייט פון דער וועלט —

און פרייט זיך שטום מיין האַרץ מיט יעדן טראָפן רויש,

מיט יעדן ברעקל ריר,

מיט יעדן שפינוועב אויף אַ גראָז, מיט יעדן פינטל שטויב, —

איז דאָס דען אַ זינד?

## גלח

מייסטער, מייסטער, איר פליט צו הויך,
נאָכצופליען איז אייך שווער. —
איך בין אַ פּראָסטער מענטש פון בלוט און פלייש,
וואָס ווייס איך פון די הויכע זאַכן דאָרטן ?
איין זאַך ווייס איך אָבער, ליבער מייסטער...
אַז גוטס איז גוט און שלעכטס איז שלעכט,
דאָך איר — איר ווייסט דעם חילוק נישט.

## היינריך

אדם אין גן עדן
האָט אויך דעם חילוק נישט געוואוסט.

## גלח

דאָס איז אַלץ נישט מער ווי רייד, וואָס מיינען גאָרנישט
שלעכטע מעשים קען מען נישט מיט הויכע רייד פאַרדעקן...
פריקרע איז עס... דאָך דערמאָנען מוז איך אייך :
איר האָט אַ ווייב... און קינדער...
אין קלויסטער גייט איר נישט. קלויבט זיך אין די בערג אַריבער,
און ווייזט זיך נישט פאַר קיינעם...
דאָס ווייב — וואָס טראַכט זי איבער ! בענקט און וויינט...
די קינדער קושן אירע טרערן אויף די בלאַסע באַקן.

## היינריך

נאָך אַ לענגערער פּויזע

ווען איך זאָל קענען אָט די טרערן אָפּווישן,
ווי גערן וואָלט איך עס געטון !
דאָך קען איך נישט... דער ווייך, וואָס שווימט אין מיר
און יערט און רייסט אויף אַלע ברעגן...
פאַר איר איז דאָס בלויז וואַסער אָפּגעשטאַנענס,
אָפּצוּוואַשן דאָס געפעס...
ווער קען העלפן ?

ג ל ח

גאָט קען העלפן. גאָט איז גרויס און גאָט פאַרגיט די זינד פון אַלע זינדער.

נאָך איצט איז די צייט די מויד צו פאַרטרייבן...
זי איז נישט פון אונזערע...
אין וואַלד געוואַקסן, מיט אַלע בייזע רוחות...
אַלע וויסטע שדים...
צעטרייבט די גאַנצע באַנדע, — דאָס שרעקלעכע געזינדל פון נישט־גוטע...
און ראַטעוועט אי זיך, אי אייער גוטן נאָמען!

ה יי נ ר י ך

אַז איך בין דאָ נישט לאַנג געלעגן אויפן טויטנבעט,
איז זי צו מיר געקומען און מיך אויסגעהיילט.

ג ל ח

שוין אויסגעהיילט.

ה יי נ ר י ך

איר האָט אַ רעכט צו טראַכטן ווי איר ווילט...
מיר אָבער איז דאָס נייע לעבן — ליב...
און זאָל דער טויט מיך נעמען,
אויב איך וועל אָן איר פאַרגעסן!

ג ל ח

איצט איז אַלצדינג אויס!
צו טיף זענט איר געזונקען. דאָס גיהנום אייערס
נאָך אויסגעצירט מיט שטיקלעך הימל...
איך זע שוין ווי איר האַלט... פאַרפאַלן!
אַז קעגן געצנדינער און מכשפות
האָבן מיר נאָך, גאָט צו דאַנקען, שייטערהויפנס...
אַן אַלט מיטל, וואָס שטענדיק איז עס ביי און גוט...

ווי זאָגט מען אויף לאַטיין:
וואַקס פּאָפּיולי! וואָקס דעאי.
די שטים פון פאָלק איז אויך די שטים פון גאָט.
געדענקט עס גוט, הער היינריך... דער צאָרן פון אַ פאָלק
ברעכט אויס ווי אַ שטורם... און קיינער קען נישט וויסן, וואו דער
בליץ וועט טרעפן...
געדענקט עס גוט!... טאָמער מאַכט זיך, אַז דאָס פאָלק
באַפאַלט דעם וואַרשטאַט אייערן און... טאַקע אייך אַליין —

## היינריך

גאָך אַ לאַנגן שטילשווייגן, געלאַסן

נו, איר שרעקט מיך נישט.
דער, וואָס איז פון דאָרשט פאַרברענט, משוגע,
שלאָגט אָפּ פון דער האַנט אַרויס
די שאָל מיטן קילן ווײַן
פון יענעם, וואָס האָט קוויקונג אים געבראַכט...
נו, גוט... טוט ווי די האַנט, צעברעכט די דינע שאָל,
דאָך ווער גייט אויס פון דאָרשט?
איך אַליין האָב לאַנג מיין דאָרשט געלאָשן אָן ריינעם קוואַל...
און ברענג אייך אייך די שאָל מיט וואַסער — שלאָגט איר
מיר דאָס גלאָז פון האַנט אַרויס.
דאָך ווייסט: די שטראָף פון זינד איז זינד...
די שטראָף פון פינצטערקייט איז בלינדקייט
נישט צו זען די טיפע שטראָף אפילו...
נישט צו וועלן זיך פון זומפּ צו ראַטעווען...
נישט צו וועלן די אומענדלעכקייט עפענען פאַר גאָטס ליכטיקייט.
און ווייסט, אַז איך בין מייסטער! און איך האָב שוין
ביז היינט גאַנץ אָפּ אַ שלעכט־געמאַכטן גלאָק
צעשמעטערט מיט מיין האַמער.
וועט מיר געלונגען אויך דעם גלאָק פון אייער מיאוסקייט, פאַלש־
קייט, שלעכטקייט —
צעשמעטערן אויף שטויב...

## גלח

טוט ווי איר פאַרשטייט! איך געזעגן מיך!
די ווילדע־קרייטעכער פון אייער זינד
זענען שוין צו הויך און פעסט געוואַקסן — —
אויסצוראָטן זיי איז נישט פאַר מענטשנס כּוחות...
זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען אויף אייך...
איינס נאָר וועל איך אייך זאָגן:
פאַראַן אַזאַ מין וואָרט, וואָס הייסט חרטה...
געהערט אַמאָל דאָס וואָרט? אויב נישט — איז נישט..
די פייל פון גאָט קען טרעפן יעדן איינעם אומעטום
און וועט די פייל דיך טרעפן, האָף איך,
אַז זי וועט טרעפן
גלייך אין האַרץ...
דו וועסט נישט לעבן און וועסט נישט שטאַרבן,
און שעלטן וועסטו אָט־דעם ערשטן טאָג פון דיין געבוירן,
און פלוכן וועסטו דיין מוטערס טראַכט
און אויך דיין גאָט...
געדענק! — —

## הייגריך

צו וואָס די אַלע שוואַרצע בילדער, פּאַסטאָר!
מאָלן שוואַרץ קען איך אַליין
און בעסער נאָך פון אייך...
שרעקט מיך נישט מיט קינדערישע מעשׂיות —
פאַר פיילן האָב איך נישט קיין מורא...
געדענקט איר יענעם אַלטן, אַלטן גלאָק — פון אייער קלויסטער?
וואָס האָט אַראָפּגעשלעפּט אין אָפּגרונט איר באַשאַפער?
אויך יענעם גלאָק איז נישט געלונגען
זיך און מיך אויף שטענדיק שטום צו מאַכן...
און פון דער טיפעניש פון ים —
עס וועט דער גלאָק נאָך קלינגען...
איר'ט זען...

## גלח

װען אַלע גלאָקן קלינגען,
איז צייט צו דאַנקען גאָט.

צלמט זיך

פאָרהאַנג

# פערטער אַקט

אין דער גלאָז-בלאָזעריי

אין דער פעלזנמויער רעכטס איז אויסגעהאַקט אַ טויער, וואָס פירט אין אַ הייל פון אַ באַרג. לינקס — אַ שמידעריי מיט בלאָז-זאַק און קוימען. עס ברענט אַ פייער. נישט ווייט פון שמידאַריוון שטייט אַ קאָוואַדלע.

היינריך האַלט מיט אַ צוואַנג אַ שטיק אייזן אויפן שמיד-אייזן.

זעקס קאַרליקלעך אָנגעטון ווי בערגלייט זענען מיט אים

דאָס ערשטע קאַרליקל האָט גענומען די אָפּצוואַנגע אין דער האַנט אַריין אין דער זעלבער צייט וואָס היינריך.

דאָס צווייטע הייבט דעם גרויסן האַמער און לאָזט אים אַראָפּ אויפן צעגליטן אייזן.

דער דריטער פאָכעט מיט דער האַרבע.

דער פערטער לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון דער אַרבעט, קוקט זיך צו, ווי ס'וואָלט אים געגאַנגען אין לעבן.

דער פינפטער שטייט מיט אַ דובינע אין האַנט און וואַרט צו דערלאַנגען אַ זעץ.

דער זעקסטער זיצט אויף אַ מין דערהויבן טראָנעלע, מיט אַ בליש־
טשענדיק קריינדל אויפן קאָפּ.

אָפּגעגאָסענע און רויע שטיקער אייזן ליגן צעוואָרפן. פּלענער
און פּורימס.

ה י י נ ר י ך

קלאַפּ שטאַרקער, שטאַרקער, דו געליימטער קאַרליק,
אַכמער נישט... מיט ביבער־טרערן...
אַרבעט ווי מ׳הייסט! און קוק נישט ווי די פייגל פליען...
אַז נישט סמאַליע איך דיר ס׳בערדל אָפּ.

צ ו ו י י ט ע ר ק אַ ר ל י ק

וואַרפט אוועק דעם האַמער

אַרבעטן און אַרבעטן און אַרבעטן,
מ׳הערט נישט מער, נאָר אַרבעטן

היינריך הייבט אויף איבערן פייער, דער קאַרליק צאַפּלט
זיך און שרייט. דער קאַרליק בא דער האָרנע אַרבעט פליסקער

ע ר ש ט ע ר ק אַ ר ל י ק

מייסטער, כ׳קען נישט מער... כ׳האָב קרעמפּן אין די הענט.

ה י י נ ר י ך

צום צווייטן קאַרליק

נו, און דו? ביסט אויכעט שוואַך?

צ ו ו י י ט ע ר ק אַ ר ל י ק

שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. שמייכלט. נעמט זיך האַמערן מיט
אַלע כּוחות

### היינריך

באַ אַלע הענער און בלויע פּאַוועס, מ׳דאַרף אייך האַלטן אין די הענט.

ער נעמט ווידער די אָפּצוועגנגע

פערד פאַרלירן אָפּט די אייזן־שיך פון זייערע פיס,
און קאַרליקלעך פאַרלירן אָפּט די קעפּ!
נאָר איך פאַרליר דעם מוט נישט און דעם ווילן —
אין אייזנגוס עס גליט מיין ציל...
דורך שווערע אייזן־האַמערס צום גרינגען לוין פון גאָלד...
נו, שטאַרקער חברה!
הייסער אייזן פאָלגט. קאַלטער — רעדט אַנטקעגן...
וואָס טוסטו דאָרט?

### ערשטער קאַרליק

נעמט א גליענדיק שטיק אייזן און וויל עס בייגן מיט דער האַנט

איך וויל עס מיט דער האַנט פאַרענדיקן.

### היינריך

גיב אַכטונג, דו... דו וועסט די הענט פאַרברענען.
אייזן איז דאָך נישט מיט הענט צו פורמען —
דיין קראַפט דאַרף איך, אַ קאַרליקל
מיינע הויכע טורעמס
אויפצובויען.

### ערשטער קאַרליק

געלינגען איז די פאָרם — די האַנט איז גאַנץ
אַ ביסל מיד און מאַט — דאָך ווער פאַרדינט דעם קראַנץ?
היט אים, דרייט זיך אין זיין טויטן קרייז...
און טיילמאָל הערט מען אַ געוויין —

## ה י י נ ר י ך

אין קאָריטע מיט וואַסער וואַרף דאָס שטיק!
דער וואַסערניק וועט די פינגער קילן —
מיט נאַסן מאָך.

צום צווייטן קאַרליק

דו דיך אויך, דו פוילער הונט. האָסט דיין רו פאַרדינט מיט שווע־רער אַרבעט.

ער נעמט דאָס געשמידטע אייזן, זעצט זיך אַנידער און באַטראַכט עס

פעסט און גוט געמאַכט
די שעה האָט גליק אַרייַנגעשמידט אין דיר, דו אייזן.
פון גאָרנישט צו לעבן אויפגעוועקט צום שיינעם ציל פון נוצלעכ־קייט און הילף.

דער פערטער קאַרליק איז געזעסן אויף אַ בענקל און עפּעס גע־שעפּטשעט אין היינריכס אויער.

... איך הער נישט...
מיין אויער איז נישט קיין קעסטל אויפצונעמען רייד אומווער־דיקע...
דו טראָג זיך בעסער אָפּ... אַז נישט פאַרשטאָפּ איך דיר ס'מויל!

דער קאַרליק דערשרעקט זיך

מיין האַנט שטייט איצט אין דינסט פון וואונטש און ווילן...
און ווער איז דאָ דער שאַפער און דער האַר?
נו, בעבע נישט און זאָג מיר קלאָר:
ווער איז דאָ דער מייסטער?

דער קאַרליק שושקעט ווידער עפּעס היינריכן אין אויער. היינ־ריך ווערט בלאַס, זיפצט. הייבט זיך אויף און לייגט דאָס פאַרטיקע שטיק צוריק אויף דער קאָוואַדלע, מיט כעס

דו... ריר נישט אָן דאָס שטיק... דיין האַנט צעשטערט —

דאָס ערגסטע ביסטו אויסן — דאָס גוטע קומט.
ווער ברוין און בלוי פון קנאה...
עס העלפט דאָ נישט דיין שנאה!
דער מייסטער בין איך דאָ — איך בייג נישט אָן מיין קאָפּ
און טון מעגסטו, וואָס דו ווילסט — דו טראָפּ!

*פינפטער קארליק צעקלאפּט דאָס פּאָרטיקע שטיק אויף דער קאָ־
וואדלע. היינריך קריצט מיט די ציין*

נו, גוט. איצט מאַכן מיר יום־טוב.. רו־צייט!
וואַרפט די גאַנצע אַרבעט! גייט אייך קאַרליקעס אַהיים!
וועט דער מאָרגן נייע כוחות אייך באַשערן, רוף איך אייך!
דערווייל גייט! פון נישט געבעטענער אַרבעט קומט קיין גוטס
נישט אַרויס.
דו, דאָרט בײַ דער האָרנע... כ'האָב מורא, וועסט שוין היינט
קיין פייער נישט צעבלאָזן... נו, טראָג דיך אָפּ!

*אלע קארליקעס פארשווינדן דורך דער פעלזן־טיר. דאָס קארליקל
אויפן טראָן בלייבט זיצן*

וואָס זיצטו דאָרט און וואַרטסט? גיי אויך.
דיין וואָרט איז ווייט און נאָך נישט אויסגעטראַכט...
נאָך נישט היינט און נאָך נישט מאָרגן — קומט דיין וואָרט
גאָט ווייסט, צי וועט דיר ווען עס איז דאָס וואָרט באַשערט זיין!
ווי מיד איך בין! איך ליב דיך נישט דו מידע בין־השמשות־
שעה...

נישט טאָג, נישט נאַכט...
דו נעמסט די האַנט מיר פון היינט
און ברענגסט קיין שלאָף נישט
וואָס דאָס אַליין איז בלויז דער זין פון רוען.
מיין האַרץ איז פול מיט אומגעדולד... און וואַרטן מוז איך
אויף דעם נייעם טאָג...
די זון געהילט אין קאַלטן פּורפּור שלעפּט זיך צו דעם אָפּ־
גרונט...
און לאָזט אונז דאָ אַליין...

אַליין מיט אונזער בעטלער=עלנט. . . דאָס גאָלד פון טאָג פאַר=שווענדט. . .

ער לייגט זיך אוועק אויפן בעט און ליגט מיט אָפענע אויגן און חלומט. א ווייסער געפּל קומט אריין דורך דער טיר. אז דער געפּל ווערט צעגאנגען, זעט מען דעם וואַסערניק, ארויסשטעקן דעם קאָפּ איבער דער קאַריטע

וואַסערניק

קוואַאַקס! ברעקעקעקעקס! איצט רוט ער. . . דער מייסטער, וואָרים

ער זעט נישט און ער הערט נישט.
היקערדיקע רוחות
קריכן וואָלקנדיק פון די געבערג.
אָט דראָען זיי מיט גרויע פויסטן —
מיט ברעכן זיך די פינגער פון די הענט.
גאָרנישט הערט ער!
די קראַנקע ביימערס זיפצן הערט ער נישט.
דאָס שטילע פייפן פון די שדים הערט ער נישט.
דאָך די אַלע נאָדלביימער פאַרנעמט די אַלע קולות, די גע=וויינען. . .

די נאָדלען שטעלן זיך באַ אים קאַפּויר פון שרעק,
און ער אַליין קלאַפּט מיט די צווייגן —
ווי אַ הינדל אַ צעשראָקנס מיט די פליגלען,
אַ פראָסט גייט דורך זיין לייב, ער פילט דעם אָנקום שוין
פון ווינטערנעכט, פון שניי וויכערס. . .
דאָך שאַפט ער אָן אָן אָפּשטעל, — זיין בליונג=ווערק
עס ווערט אין שלאָף פאַרענדיקט.
און ראַנגלען ראַנגלט זיך אַ יעדער אומזיסט.
ווייל ראַנגלען ראַנגלט זיך אַ יעדערער מיט גאָט. . .

היינריך וואַרפט זיך אויפן געלעגער און קרעכצט

אומזיסט צעטוסטו דיינע כוחות,

זינד בלייבט זינד!
און מיט עקשנות קען מען נישט
גאָטס ברכה אויף זיך ברענגען.
דיין לייב איז פול מיט קרעץ!
דיין קלייד איז אומריין!
די וואַשערין, וואָס קען די פלעקן וואַשן,
האָט דערוויילע נאָך ביז צום וויגל מיר נישט דערגרייכט.
שוואַרצע שרעטעלעך, קלויבן זיך אויף דיר —
אין אַלע וויסטע וועלדער,
אין אַלע פוסטע פעלדער.
די גיהינם־הינט, זיי וועלן זיך צעוואָיען באַלד!
און ווען די גיהנום־הינט צעוואָיען זיך!
די נעפּל־ריזן בויען שוואַרצע שלעסער אויס
מיט אָרעמס מוראדיק און שוואַרץ און דיק...
ווערן ווי די וואָלקנס אומרויק און בייז,
און וועלן דיך און אויך דיין ווערק צעדריקן.

הייניך

קום צו הילף רויטענדעליין!
נישט גוטער איז דאָ לעבן מיר!

וואַסערניק

זי הערט דיין רוף און קומט! דיר העלפן קען זי נישט!
דו הער מיך אויס:
דיין גלאָק ליגט איינגעזונקען אינם ים
אונטער פלאַנצן ווילדע,
שטיינער פינצטערע.
זי בענקט צו יענער הויכקייט
וואו ליכטיקייט טוט הערשן!
די פיש און וואַסער־ברואים, זיי שווימען אַרויס און שווימען אַריין,
דאָך מיין טאָכטער די גרינהאָריקע
היט דעם גלאָק...

דער אַלטער גלאָק פאַרבענקט זיך און ער וויינט...
ווי בלוט וואָלט אים פון מויל גערונען.
זי וואַרפט זיך, ציטערט, רייסט זיך פון דער טיף...
אַז ווי וועט זיין צו דיר,
אַז עס וועט דער אַלטער גלאָק דערוואַכן!
בים! ביהם!
ווי דער טויט אַליין וואָלט זיין אין אים...
בים באַהם!...
ברעכט אין אים דער צאָרן־פלאַם...

ה י י נ ר י ך

העלפט מיר!
אָ העלפט מיר...
איך האָב אַ בייזן חלום!

וועקט זיך

וואו בין איך, בין איך דיין?...

ער רייבט זיך די אויגן און קוקט זיך ארום

איז עמעצער פאַראַנען דאָ?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

באַווייזט זיך אין דער טיר

אַך, דו האָסט דאָך מיך גערופן.

ה י י נ ר י ך

יאָ, קום אַהער צו מיר!
לייג דיין האַנט מיר אויפן שטערן
אָט־אַזוי־אָ. גוט.
איך מוז דיין האַנט, דיין לייב, דיין אָטעם פילן,
קום אַהער... אָט גוט אַזוי! נאָר נענטער — דריק דיך נענ-
טער צו!

דו ברענגסט די פרישקייט פון וואַלד, דעם רעגנאָטעם...
קוש מיך! קוש מיך!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס איז דיר, מיין טייערער?

ה י י נ ר י ך

צי ווייס איך דען?
עס איז מיר אַזוי קאַלט.
ברענג מיר עפּעס צוצודעקן,
מיד בין איך — מיד... און אויסגעשעפּט!
בין איך מיר אַזוי געלעגן און גערוט,
האָבן בייזע גייסטער מיר דאָס לייב געריסן,
געוואָרגן מיך, געשטיקט... געזעצט זיך אויף מיין האַרץ...
איצטער אָבער איז אַלץ ווידער גוט.
נו, גוט, איצט בין איך אויפסניי
מיט כוחות אָנגעגורט, —
איך שרעק מיך נישט —
זיי מעגן קומען!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווער?

ה י י נ ר י ך

די שונאים.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָסערע?

ה י י נ ר י ך

אַלע בייזע רוחות.

אַלע בייזע כּוחות, וואָס לויערן אויף מיר.
ווייל נאָר אין שלאָף קענען זיי די נעץ אויף מיר פאַרוואַרפן...

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דו ציטערסט, היינריך!

ה י י נ ר י ך

ס׳איז אַ ביסל קיל...
נאָר שרעק זיך נישט... רוק דיך נענטער צו, דערוואַרעם מיך!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דו טייערער, דו טייערער!

ה י י נ ר י ך

זאָג מיר, צי דו גלייבסט אין מיר?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דו מוזיקער! דו זוניקער!
דו בלאַסער! איך קוש דיין ווייסן שטערן,
וואָס צירט די ריינע בלויקייט פון דיין אויג.

פּויזע

ה י י נ ר י ך

יאָ, מאַך מיך גלייבן, אַז איך בין מוזיק, בראַוו.
גיב פליגל צו מיין טרוים!
דער חלום איז דעם אמתס שטאַרקע זייל,
ווייל פּונקט עס מוז די האַנט מיט האַמער און מיט דלאָט
זיך מיען,
מאַרמאָר שפּאַלטן, אַרויסנאַרן פון אים די פאָרמען די באַהאַל־
טענע...

אַוועקהאַקן דאָס איבריקע, נישט נוצלעכע.
ווי דעם מענטשנס פלייס מוז זיך אין דער קלענסטער קליינקייט
פאַרקריכן.

זוכן, נישטערן... דאָס קלענסטע פּינטעלע —
און פאַרלוירן און פאַרבלאָנדזשעט ווערט די זעל...
קען איר אייגענע משׂא נישט דערטראָגן...
און ווערט דיין פוס דיר שואַך, וואַקלט זיך דיין גלויבן..
און נישט פאַרענזיק בלייבט דער גרויסער אָנהייב.
דער פידל־שפּיל פון דיינע נערוון — ווערט איינגעשטילט...
ווייל די האַנט די מעכטיקע, באַהאַלטענע
ס'פייער אויסלעשן פון דיין מזבח —
נו זאָל זי עס טון! וועט דעמאָלט מיר דער פּריסטער־מאַנטל פון
די אַקסלען פאַלן...
און דעם קאָפּ געבויגן, וועל איך מיט גרויס בושה
פון דעם טעמפּל־באַרג אַרונטערשטייגן...
דאָך דערוויילע צינדט די פאַקלען!
ליכט! וויַיז דיין וואונדער און דיין קראַפט!
דו, כּישופמאַכערקע! נעם, לאָז מיך פון דיין ווייַן פאַרזוכן!
און גיכער, ווי די זיסע פוילקייט, וועלן מיר
די הייסע ביטערקייט פון נויט און מיז פאַרזוכן...
נישט־פאַרשווענדט דעם טאָג, נישט פאַרתכלעוועט די נאַכט...
נאָר אָפּגעציילט אויף אַ שנור די פערלדיקע רגעס...

ר ו י ט ע נ ד ע ל ײ ן

דורך בערג בין איך געלאָפן —
געפלאַטערט ווי אַ שפּינוועבס אינם ווינט...
ווי אַ מאַמע־בין, וואָס פליט פון בלום צו בלום,
פון פלאַנץ צו פלאַנץ — פון קרייטיכער צו קרייטיכער,
דורך „טייפל־פינזל'ען" מאָך און גלעקלבלימלעך.
אַלע, אַלע האָב איך שטיל באַשוואוירן,
אַלע, אַלע האָבן מיר צו זאָגן געמוזט,
זיי וועלן דיר קיין שלעכטס נישט טון...
דער שוואַרצסטער שרויט פון וואַלד,
וועט דיר, דו ווייסער גוטער, דינען ווי אַ קנעכט —
און שיצן דיך פאַר פיילן גיפטיקע.

## היינריך

פיילן גיפטיקע? זאָג, ווער האָט פיילן גיפטיקע פאַר מיר?
ווען מען האָט מיין לעבנסגרויסקייט דען זיין ליכט פאַרשטעלט?
איינעם ווייס איך בלויז, וואָס האָט די פויסט אויף מיר געהויבן
און גערעדט צו מיר פון גיהנום־שטראָף, פון אַ פייל, וואָס וועט מיך טרעפן גלייך אין האַרץ.

ווער האָט דען זיין בויגן אָנגעשפּאַנט?
ווער געצילט דעם גורלס פייל אויף מיר?

## רויטענדעליין

קיינער נישט, מיין גוטער, קיינער נישט.
דו ביסט אַנטקעגן אַלדאָס בייז געשיצט.
און איצט צווינגער מיט דיין אויג —
און ווייכע לידער קוואַלן, קוואַלן־אויף, ווי בלויער רויך...
גיב מיר נאָר דעם קלענסטן צייכן מיט דער האַנט —
און אין גרויסן פעלזנזאַל פון אונזער וואַלד
צעפּליטערן, צעפלאַטערן די ערד־מענטשלעך...
די מזל־טובס... און זשומען ווי די בינען־כּלות,
צירן־אויס דעם דיל, די ווענט מיט זייער שיינקייט...
די רויע גייסטער טומלען זיך דערצאָרנט פון דיין שאָטן און דיין וואַלטן,
אין אַ וועלט אַ האַרטער, אַ זיכערער, וואָס קער צו זיין...
מוזן מיר אין בויך פון דרערד זיך ראַטעווען...
וואו די האַרעדיקע הענט פון ריזן וועט אונז נישט דערגרייכן קענען...
טויזנט וואַקס־ליכט וועלן טריפן מיט אַ ליכטיקייט, וואָס שיצט...

## היינריך

צו וואָס? צו וואָס? וואָס דאַרף איך רו... און זיכערקייט,
ווען מיין ווערק דאָס גרויסע וואַרט אויף זיין נשמה...
וואַרט צו קינדיקן אויף לאַנד און ים —

דעם גרויסן טאָג, דעם טאָג פון אַלע טעג.
איך מוז אַוועק און זען, ווי האַלט עס דאָרט —
מוז איך אָפּבינדן פון טויטן גלייכגילט...
צינד אָן אַ פאַקעל! באַלייכט מיין וועג. . .
נאָר גיך! ווייל די שונאים אונזערע, די קליינע, פּינצטערע
שלאָפן נישט און רוען נישט. . .
איך הער די מויזנציין, וואָס נאָגן אין דעם ווינקלשטיין פון מיין געביי. . .
ענדיק איך און — רייס איך די האַרטע, ביטערע פרוכט, ווי ווערט זי זיס!

אַ וואונדער טוט זיך אויפטון און אַנטפּלעקן
אין שטיין, מעטאַל און גאָלד און עלפאַנטביין. . .
און ביז צום לעצטן, לעצטן קלאַנג —
שטייט עס און באַזיגט די גרויסע אייביקייט...
דאָס נישט געראָטענע איז אויסגעשטעלט צו קללות און צו שאָדן...
דאָס פאַרענדיקטע, וואָס איז פולקאָם אין זיין ווערט, איז רונד און אויסגעפילט
און האָט קיין אָרט נישט פאַר דעם קלענסטן טראָפן סם. . .

ער לאָזט זיך גיין, בלייבט שטיין בא דער טיר

נו, וואָס שטייסטו, קינד?
איך ווייס, איך האָב דיר ווי' געטון מיט מיינע רייד. . .

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ביין, ס'איז גאָרנישט.

ה י י נ ר י ך

וואָס דען איז דיר?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

גאָרנישט.

היינריך

איך ווייס... איך ווייס...
קינדער, זענען קינדער...
און קינדער־הענטלעך טויטן אָפּט די שיינע שמעטערלינגען פון לויטער ליבשאַפט...

רויטענדעליין

דו מיינסט, אַז איך בין אויך אַזוי?

היינריך

דו — ווי אַנדערע. יונג זיין מוז אַ יעדערער, וואָס ווערט אַלט...
דיין אויג איז מיר אַ בלויער שפּיגל פאַר מיין צער.
אָ קינד, נישט איך האָב דיר יסורים אָנגעטון —
נאָר מיין צונג, מיין מויל...
מיין בלוט, מיין פּולס, מיין פלייש־און־מאַרך
ווייסט נאָר פון דער גרויסער ליבע!
קום... נו, קום... נו כליפּע נישט אַזוי.
צום נייעם וועג האָסטו מיין פוס באַוועגט...
מיין האַנט, וואָס איז דאָך ביז אַצינד געווען ליידיק,
האָסטו מיט גאָלד און זילבער אָנגעפילט...
איצט קען איך שפּילן מיט די געטער אין לאָטעריע...
איין באָק שטייט נאָך אַצינד און קען דיין שיינקייט נישט פאַרשטיין,

דיין ליכט האָט מיך פאַרבלענדט —
אַז זעען קען איך נישט און פילן קען איך נישט...
דער קוואַל איז נאָענט... דאָס גליק — לאָזט
הערן שוין זיין גאָלדענעם טרומייט —
פיר מיך, לייכט מיר!

וואַלדניק

שרייט פון דרויסן

אַרויף! אַרויף! וואָס וואַקלען אייערע טריט?

אַ באַרג מיט אַש זאָל ווערן פונם טעמפּל.
הער גלח, רירט זיך...
און איר אויך, הער ראַזירער!
די פאַקלען — האַלט זיי גרייט!
אָט איז שטרוי און פעך און צווייגן,
דער מייסטער היינריך איז פאַרנומען איצט — מיט איר...
האַלט זי אין די אָרעמס זיינע — קושט זי!

ה י י נ ר י ך

וואָס שרייסטו ווי משוגע — דו אייזל דאָרטן!
וואָס רופסטו דורך דער נאַכט און נעפּל — דו!
היט זיך, זאָג איך דיר!

ו ו אַ ל ד נ י ק

פאַר דיר?

ה י י נ ר י ך

פאַר מיר, פאַר מיר...
כ'פּאַק דיך בײַ דער באָרד, דו ציגנבאָק...
איך גיב דיר אָפּ אַ גאָב — איז ווערסטו שטיל!
און ווייז איך דיר, ווער דאָ איז באַלעבאָס
און פּוץ דיך גוט אַרום, און גיב דיר ווי סע קער צו זיין,
מאַך איך אויפן סוף פון דיר אַ לייט...
גיב דיר האַק און האַמער אין דער האַנט (וואָס מעקעסטו?)
און וויל'סטו נישט ס'אייזן קלאַפּן...
לייג איך דיך אַוועק — שמעלץ דיך אינם פייער איבער
און קלאַפּ דיך אַזוי לאַנג, ביז דו ווערסט אַ נייע זאַך...

ו ו אַ ל ד נ י ק

ווייזט אים דעם הינטן

ציגעלע־מיגעלע־האָפּסאַסאַ!

באַ, נעם און קלאַפּ,
וואַרף די שאַרפע שפּיזן דיינע אָט אַהערצוצו
זיי גייען נישט אַריין אין לייב,
זיי קיצלען בלויז.
אָט אויף דער קאָוואַדלע קענסטו שמידן פּוטער...

היינריך

עך, פאַרדאַמטער באָק!
ווען דיין כּוח וואָלט זיין נישט קלענער פון דיין כּויל,
וואָלט איך דיר באַפוילן: וואַסער שלעפן, ציגל טראָגן
און — שמיץ וואָלסטו באַ מיר געכאַפּט — פּייערדיקע.

רויטענדעליין

ער וואָרנט דיך מיט גוטן.

וואַלדניק

כע כע! סע'ט גיין אַ גאַנג!
איך וועל אַליין נאָך שטיין דערבײַ,
ווי מען וועט דיך שלעפן צו דעם שייטערהויפן,
ווי מען שלעפט אַ קעלבל צו דעם שעכט-הויז...
שלעפן וועל איך גאַנצע פעסער סמאָלע, בוימל, שוועבל
צוצוגרייטן דיר אַ פּייערל...
זאָלסט זען דעם ייִדן מיט דער באָבען.

א געשריי און א טומל פון א סך קולות אין דער טיפעניש

רויטענדעליין

דו הערסט? היינריך? מענטשן... מענטשן קומען.
כ'האָב מורא, אויב מען מיינט נישט דיך.

עס פליט אריין א שטיין און טרעפט רויטענדעליין

באָבע, העלף!

### היינריך

געחלומט האָב איך פון אַ טשאַטע הינט, וואָס יאָגן מיך...
די טשאַטע איז פאַראַן. דאָך יאָגן וועט זי מיך פונדאַנעט נישט.
פאַרקערט, דאָס ביילן פון די הינט דערמאַנט מיך בלויז,
אַז איך בין, דאַנקען גאָט, נישט פון הינטיש בלוט...
און דערנער רייצן בלויז דעם מענטשס באַגער,
די ווייסע רויזן איינצוזאַמלען...
נו, באַווייזט זיך שוין! כ'גיב דער וואַנט אירס
און בישוף דעם ביין כוח אַנטקעגן — זיך אַליין...

ביייט אָפּ מיטן האמער

### רויטענדעליין

שרייט

באַבע, העלף מיר!
העלף אים, וואַסערניק!

וואַסערניק טויכט אויף

איך בעט דיך, לאָז די וואַסערן איצט בושעווען...
צעשטורעם אַלע טייכן. בינד זיי אָפּ,
צעזעץ די פעלזנשטיינער, שרעק זיי אָפּ
און טרייב זיי אָפּ.

### וואַסערניק

ברעקעקעקעקס! וואָס זאָגסטו זאָל איך טון?

### רויטענדעליין

שלאָג זיי מיט די וואַסער־בייטשן!

### וואַסערניק

דאָס איז נישט פאַר מיר.

רויטענדעלײן

טו עס, וואַסערניק, דו קענסט און מוזט.

וואַסערניק

צו וואָס די גאַנצע זאַך?
ווען מען גייט עס אָן — דאָס מײַסטערל,
וואָס וויל העכער זײַן פון מענטש און גאָט...
חברה וועט זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען...
מיך גייט נישט אָן.

רויטענדעלײן

גיי העלף, אַז נישט וועט זײַן צו שפּעט!

וואַסערניק

וואָס גיסטו מיר דערפאַר?

רויטענדעלײן

וואָס איך גיב דיר?

וואַסערניק

יאָ.

רויטענדעלײן

בעט זיך אויס.

וואַסערניק

דיך אַליין... כע, ברעקעקעקעקס!
לאָז פון דײַנע ברוינע קליידער פאַלן דאָס קלייד, די שיך, דאָס העמד,
קום אַרײַן צו מיר אין דײַן אייגענער ווייסער הויט,
איך וויל דיך טראָגן אויף די הענט...

### ראָטענדעליין

ווילסטו טאַקע?
ווי קלוג דו האָסט דאָס אַלעס איינגעפּעדעמט...
הער זשע, וואָס איך זאָג דיר!
ווען דו זאָלסט ווערן דריי מאָל אַזוי אַלט
ווי די ווייסע באָבעצע פון וואַלד
און דו זאָלסט מיך אין אַ זשאַבע־שיסעלע פאַרשלאָסן האַלטן
טויזנט יאָר... וואָלט איך אַלץ נישט איינגעזאַנגען אויף דערויף.

### וואַסערניק

אויב אַזוי מעגסטו זיך געזעגענען מיט אים.

### ראָטענדעליין

דו לייגסט! דו לייגסט! הער נאָר, ווי ער רופט!
זיין קול איז גרויס און שטאַרק...
מיינסט איך זע נישט, ווי דו ציטערסט?

וואַסערניק אָפּ. היינריך קומט ווידער. ער איז גרייט צום קאַמף,
ער לאַכט ווילד און זיבעריש

### היינריך

ווי די הינט משוגענע איז מען מיך באַפאַלן...
און ווי הינט האָב איך זיי אָפּגעטריבן מיט פאַקלען און מיט
פייער.

אויף מיין באַפעל האָט מען פעלזנוואַנט צעריסן,
ביימער מיט די שטאַמען אויסגעפּליקט.
גיב מיר אַ טרונק! דער קאַמף דערקוויקט,
גיט שטאָל אַריין אין בלוט און אָדערן.

### ראָטענדעליין

נאַ, טרינק, היינריך.

### הײנריך

אַ דאַנק דיר, קינד...
דען װידער ברענט מײַן דאָרשט
נאָך װײַן, נאָך ליכט, נאָך דיר.

ער טרינקט

איך טרינק צו דיר, מײַן שײנער װאַלד-גײסט!
און װידער קניפּ איך אָן מײַן ליבשאַפט
אָן דײַן ציטערדיקן לעבן...
דו ביסט די פליגלען פון מײַן לעבן, קינד. טראָג מיך!

### רויטענדעלײַן

בישט שװער ביסטו, דו גרינגער!
און נאָענט איז מיר די װײַטקײט דורך דײַן נאָענטקײט.

### הײנריך

מײַן טײַערע, איך הער געזאַנג!

### רויטענדעלײַן

איר אַלע שטיל-באַהאַלטענע...
פון פעלזנשפּאַלטן, גריבער, קלופּטעס,
נעמט באַװײַזט זיך! דעם גרויסן זיגער-פעסט מיט אונז צו טײלן.
שפּילט-אויף!
עי, לאָזט ציטערן די פלײטן און די פידלען!

מוזיק

שפּילט-אויף, שפּילט-אויף, איך װיל אין טאַנץ פאַרפלאַטערן...
פײערפליגן, קלײנע, ליכטיקע
פלעכט איך מיר אַרײַן אין מײַנע זאַפראַנרויטע האָר,
און מיט-אַט דער בלישטשענדיקער פליטער-ציר
טאַנץ איך, — װי אַ פײער אין אַ פײער.

ה י י נ ר י ך

שטיל! . . .

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס?

ה י י נ ר י ך

הערסטו נישט?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס?

ה י י נ ר י ך

גאָרנישט.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס ביסטו מיטאַמאָל אַזוי פאַרענדערט?

ה י י נ ר י ך

איך ווייס נישט! איך ווייס נאָר, אַז דיין קול
פאַרראַט דיך. . . עפּעס איז דאָרט. . .

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואָס?

ה י י נ ר י ך

עפּעס ווי אַ שטיל געוויין. . . דאָס שפּילט דער ווינט. . .
נו, גוט. . . ס'איז גוט. . . ס'איז גאָרנישט. . .
און גיב די ליפּן דיינע —
די ליכטיקע, דו אייביקע!

זיי קושן זיך. אַ לאַנגע פּויזע. דערנאָך גייען זיי פּעסט אַרומגע-
נומען ביז צום טויער

זע — ווי טיף און פול מיט וואונדער ס'איז די וועלט.
דער מענטש, דער וואונדער פון די וואונדער...
א פרעמדער אומעטום און אומעטום אַן אייגענער...
קענסטו דאָס פאַרשטיין, דו ליכטיקע?

רויטענדעליין

שטיל

יאָ.

הײַנריך

דו ציטערסט? זאָג, וואָס שרעקט דיך?

רויטענדעליין

איך ווייס אַליין נישט.

הײַנריך

נו, שרעק דיך נישט, קום און לאָמיר רוען!

בעת ער פירט זי צום פעלזנטויער, בלייבט ער פלוצים שטיין און
דרייט זיך אויס

בעסער וואָלט געווען.
ווען עס זאָל אונז די לבנה נישט אַזוי פאַרשייט באַגלייטן...
בלאַס איז זי, ווי קרייד און — נייגיריק.
די פינצטעריניש דערשלינגט זי נישט...
זי פאַרבט זי בלויז מיט וואַסער-פאַרב!
בעסער איז דער נעפּל שוין — ווייל דאָס גרויקייט פון דער נאַכט
פאַרדעקט.
ס'איז קלאָר און... —
האָרך! דו הערסט? שוין ווידער!

רויטענדעליין

ניין — איך הער נישט... און וואָס דו זאָגסט איז מיר נישט
זייער קלאָר.

היינריך

הערסט נאָך אַלץ נישט?

רויטענדעליין

איך הער —
דער האַרבסט־ווינט גייט מיט גלעזערנע שטיוול דאָ אַרום.
די סאָווע ווײנט אויף אירע בלינדע אויגן —
און דו אַליין, דו רעדסט עפּעס אַזוי
און פרעמד איז מיר דיין וואָרט, דיין שטים.

היינריך

און דאָרט אונטן — זעסטו נישט?
אַ בלוטיקע לבנה שפּילט זיך אויף די וואַסערן...

רויטענדעליין

איך זע עס נישט.

היינריך

דיין אָדלער־אויג איז בלינד?
וואָס שלעפּט זיך דאָרט אַזוי פאַמעלעך אַהער?

רויטענדעליין

דו נאַרסט זיך אָפּ! ס'איז גאָרנישט!

היינריך

ס'איז נישט קיין נאַרעריי... זיי שטיל... און קוק.
מיין אויג זעט ווירקלעך וואָס...
אָט זע! איצט נענטערט עס צום שטיין,
צו יענעם גרויסן שטיין,
וואָס ליגט באַם ברעג פון וועג.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

נישט קוק אַראָפּ! איך שליס די טיר... דו זאָלסט נישט זען —
וואָס דאָרטן טוט זיך נישט!

ה י י נ ר י ך

כ׳בעט דיך, לאָז מיך זען!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווי אין קעסל־גרוב, עס דרייט זיך און עס זידט
די כוחות פון דעם ווערן... די כוחות פון צעפאַלן...
דער ווייסער וואַלקן איז דער זודנדיקער קעסל —
נישט קוק אַהין!
די אויגן דיינע זענען שוואַך — עס שווינדלט.

ה י י נ ר י ך

איך האָב דעם מוט באַגעגענען מיין שרעק
און דריקן איר די האַנט.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווידער ביסטו אונזער מייסטער, אונזער האַר...
די שוואַרצע בלענדעניש צעקריכט, צעפוילט...
נעם דעם האַמער דיינעם — גיב אַ זעץ!

ה י י נ ר י ך

זעסטו דען נישט, ווי ס׳קלעטערט וואָס אַמאָל אַלץ העכער?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

וואו?

ה י י נ ר י ך

אויף יענעם שמאָלן פעלזנוועג אַרויף,

אין הוילע העמדלעך.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווער ?

ה י י נ ר י ך

יינגלעך באַרוועסע. אַ קריגל שלעפן זיי... ס׳איז זייער שווער...
באַלד שפּאַרט עס איינער מיט דער קני אונטער,
באַלד דער אַנדערער...
זיי שטופּן עס מיט קניען נאַקעטע אַלץ ווייטער, ווייטער.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אַ רחמנות אויף די קינדער נעבעך !

ה י י נ ר י ך

און קרענצלעך צירן זיי די קעפּ —
קרענצלעך נישט פון בלומען, נאָר פון ל י כ ט .

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

דו נאַרסט זיך !
אַ פייערל, וואָס ברענט פון זומפּ אַרויס — און ווייטער גאָרנישט.

ה י י נ ר י ך

ניין ! פאַלט אויף זיין פּנים און בעט !
אָט זע... אָט זע...

ער קניט. צוויי קינדער קומען אריין פארשעמט. שלעפן קוים
אַ וואסער-קריג. זיי זענען אָנגעטון אין אייגע העמדלעך

ע ר ש ט ק י נ ד

פאָטער !

ה י י נ ר י ך

יאָ, מיין קינד!

ע ר ש ט ק י נ ד

די מאַמע. . . זי האָט אונז צו דיר געשיקט.

ה י י נ ר י ך

אַ דאַנק, מיין קינד. גייט איר גוט?

ע ר ש ט ק י נ ד

פאמעלעך און טרויעריק מיטן טראָפּן אויף יעדן וואָרט

עס גייט איר גוט.

פון דער טיפעניש, קוים וואָס מען הערט אַ גלאָקנקלונג.

ה י י נ ר י ך

וואָס טראָגט איר דאָ?

צ ו ו י י ט ק י נ ד

אַ קריגעלע.

ה י י נ ר י ך

פאַר מיר?

צ ו ו י י ט ק י נ ד

יאָ, ליבער פאָטער.

ה י י נ ר י ך

וואָס זשע האָט איר אין קריגעלע?

צווייט קינד

געזאַלצנס.

ערשט קינד

ביטערס.

צווייט קינד

דער מאַמעס טרערן.

היינריך

גאָט אין הימל!

רויטענדעליין

וואוהין קוקסטו אַזוי?

היינריך

אויף זיי — אויף זיי.

רויטענדעליין

אויף וועמען?

היינריך

האָסטו קיין אויגן נישט? אויף זיי... וואו איז די מוטער אייערע?

ערשט קינד

די מאַמע?

היינריך

יאָ, וואו איז זי?

צווייט קינד

באַ די וואַסער־רויזן.

פון דער טיפעניש אַ שטאַרק קלינגען פון אַ גלאָק

היינריך

דער גלאָק! דער גלאָק!

רויטענדעליין

פון וואָס פאַר אַ גלאָק רעדסטו?

היינריך

דער טויטער גלאָק איז ווידער אויפגעשטאַנען פון זיין קבר
און קלינגט און קלינגט...
איך וויל נישט, ער זאָל קלינגען...
העלף! העלף מיר!

רויטענדעליין

קום צו מיר, מיין ליבער און גוטער.

היינריך

עס קלינגט — דער טויט איז ווידער אויפסניי געבוירן —
צום לעבן און צום שטאַרבן! אָ, גאָט!

צו רויטענדעליין

איך האָס דיך! איך שפיי אויף דיר!
צוריק! גיי צוריק אַהין וואו דו געהערסט.
גייסט פאַרשאָלטענער!
אַ קללה אויף דיין קאָפּ!
אַ קללה אויף מיין ווערק, מיין אַרבעט, מיין אַלצדינג!
אָט בין איך! אָט בין איך!
איך קום... איך קום!

**גאָט דערבאַרם דיך אויף מיר!**

ער וויל זיך האַלטן פעסט, ברעכט צונויף. נעמט זיך ווידער אָן
מיט כוח און שלעפּט זיך אַוועק פונדאַנעט

**ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן**

**קום צו מיר, היינריך, פאַרבלייב.**

**פ אָ ר ה אַ נ ג**

# פינפטער אקט

א בארגלאַנקע מיט וויטיקענס שטיבל, ווי אין ערשטן אקט.

עס איז נאָך האלבע נאכט.

לעבן א ברונעם ליגן צעלייגט די וואלד-שרעטעלעך

ערשט שרעטעלע

דאָס פייער קנאַקט!

צווייט שרעטעלע

רויטער ווײַרויך-ווינט בלאָזט אין טאָל.

דריט שרעטעלע

שוואַרצער רויך גלעט די טענענביימער-שפּיצן
און וואָלקנט זיך אַראָפּ אין טאָל אַרײַן.

ערשט שרעטעלע

אין די טיפענישן הענגט אַ ווייסער רויך...
אין ווייסן געפּל-ים שטייען טשערעדעס
ביז צום האַלדז דערטרונקען אין טומאַן
און מרוקען, ברילן, די אויגן צו דער שטאָל געווענדט...

## צווייט שרעטעלע

אין וועלדל האָט אַ פויגל זיך צעוויינט,
געכליפּעט מיט אַ זילבערנעם כליפּען...
כ׳האָב מיך אין דעם נאַסן גראָז אַ וואָרף געטון
און אויך געוויינט פון מיטלייד.

## דריט שרעטעלע

איך בין געלעגן און געשלאָפן אויף אַ שפּינוועב-נעץ,
וואָס איז געווען צו גראָזן צוגעהעפט —
געשפּונען פון די פיינסטע פּורפּור-פעדים...
אַ קעניגין קען קיין שענער בעט נישט האָבן!
ליג איך מיר אַזוי און רו, די פעלדער בלישטשען
מיט פינקלדיקן טוי און אָוונטרויטקייט.
די אויגן האָלט איך נחתדיק באַהאַלטן אונטער מידע אויגנ-דעקלעך,
און ס׳איז געווען אַזוי גוט.
אויפגעכאַפּט מיך, זע איך מער קיין ליכט נישט...
אויסגעשטאָרבן יעדער טראָפּן פייער אויף דער ערד און הימל,
גרוי איז מיין געלעגער, נאָר אין מזרח-זייט האָט עפּעס רויטס גע-וויאַנט, געבליט,
עפּעס האָט זיך אויסגעטורמט, אויסגעפאָרמט... פון פינצטערניש און גרויקייט.
און ווי אַ קלומפּן גליענדיק מעטאַל
האָט סוף כל סוף אויף די קעמל-האָרבעס פון די בערג זיך אָנגע-לאָדן...
און פון אַ קרומען פאַס מיט בלוטיק רויטער ליכטיקייט
האָט זיך דער טאָל געגומען רירן, וועקן,
און כ׳האָב געהערט אַ זיפצלען און אַ קרעכצלען פון די דינסטע, דינסטע זאַכן,
וואָס האָבן שטיל אַריינגעוויינט איינער אין דעם אַנדערן,
זיך שטיל געבעטן און געיאָמערט און געקלאָגט זיך —

אַ גרויל געווען צו הערן! איך האָב אַ רוף געטון אַ זשוק,
וואָס האָט אַ פֿייערדיק לאַמטערנדל געטראָגן,
ער ענטפערט נישט און פליט זיך שטיל זיין וועג
און געוואָרן איז מיר אומעטיק אַזוי
און נישט געוואוסט וואָס טוט מען.
ערשט ס׳קומט אַן אייגענער אָנגעפלויגן. . .
און פליט גאָר האָפערדיק. . .
איך האָב מיט אים דאָס פרישע בעט געטיילט
און מאָרגנטוי האָט אונז די אויגן אָפּגעוואַשן. . .
און ווען מיר האָבן זיך שוין פעסט אַרומגענומען
און געמורמלט זיסע רייד,
האָט ער זיך פלוצלינג פון דער העלער הויט צעווייגט
און מיר געזאָגט: דער גלאָקנמאַכער איז געשטאָרבן. .

ע ר ש ט ש ר ע ט ע ל ע

האָט זיך אויפגעהויבן

די פייערס פלאַקערן.

צ ו ו י י ט ש ר ע ט ע ל ע

אַ שייטערהויפן פאַרן גלאָקנמאַכער!

ד ר י ט ש ר ע ט ע ל ע

איז פאַמעלעך געגאַנגען צום וואַלד-באַרעג

דער מוטיקער איז טויט. . . עס גליווערט מיר דאָס בלוט!

פאַרשווינדט

ע ר ש ט ש ר ע ט ע ל ע

אַ קללה שפּרייט זיך אויף דער ערד
אײַנאייגעם מיט דעם רויך פון גלאָקנמייסטערס קערפּער.

אַ שלעכטע פּאָגע לייגט זיך איבער דער לאָנקע, אַז עס ווערט
ליכטיק זענען אַלע פאַרשוואונדן

# רויטענדעליין

קומט פון די בערג, מיד און אויסגעמאַטערט, זעצט זיך און הייבט זיך ווידער אויף. זי איז אַפּהענטיק. זי דערנענטערט זיך צום ברונעם. איר שטים איז אָן כּוח, ווי אַ קראַנק ווידערקול

און איצטער וואָס? און איצטער וואָס?
געזעסן בין איך מיט ערד=מענטשן, געטרונקען וויין
(אַ שמחה איז געווען באַ זיי)
דער ליאַרם האָט זיך אויסגעפּילדערט, ווי דער שוים פון וויין.
דער וויין אַליין איז רויט געווען ווי בלוט,
געטרונקען האָב איך ביזן לעצטן טראָפּן —
מיין טרערן=וויין איז הייס געווען ווי פייער...
עס איז מיין האַרץ געלעגן אויף אַ שייטערהויפן!
אַ קרוינדל איז געלעגן אויף דעם שמחה-טיש
צווישן רויטע קרעלן און זילבער=פיש.
כ'האָב אָנגעטון די קרוין.
איצטער בין איך שוין
די כּלה פון אַ וואַסער=גייסט...
דריי עפּל זענען מיר געפאַלן אין מיין שויס,
איינער ווייס און איינער רויט און איינער גאָלד.
דריי חתונה=פּרעזענט!
כ'האָב געגעסן דעם ווייסן און געוואָרן בלייך,
געגעסן דעם גאָלדענעם און געוואָרן רייך,
דעם רויטן געגעסן — צום ענד.
ווייס, גאָלד און רויט,
איצטער בין איך טויט.
וואַסער=גייסט מאַך אויף טיר,
דיין טויטע כּלה קומט צו דיר.
געזאַלבט מיט בלוטיק=רויטן וויין,
גיי איך אין קילן תּהום אַריין.

זי לאָזט זיך פּאַמעלעך אַריין אין ברונעם

### וואַלדניק

קומט פון וואַלד, גייט צו צום ברונעם-קאַסטן און רופט אריין

העי האַלדריאַ! זשאַבע-קעניג קום אַרויף!
העי האַלדריאַ... ביסט טויב, דו וואַסער-טרינקער?
הערסט נישט, ווי איך רוף, דו גרינער בויך? שלאָפסטו, הע?
איך זאָג דיר — קום, און אויב אפילו ס'ליגט באַ דיר אין בעט
די שענסטע פון די וואַסער-פרויען —
לאָז זיי ליגן, זאָג איך דיר און קום!
דו וועסט נישט האָבן קיין חרטה, דו אייזל-פערד!
איך האָב דיר עפּעס וואָס אַ שיינס צו טון דערציילן...
וועסט קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקן צו פליוסקען זיך אין ליבע-בלאָטע.

### וואַסערניק

פון ברונעם, מ'זעט אים נישט

ברעקקעקעקעקס!

### וואַלדניק

וואָס ברעקסטו? קום אַרויף!

### וואַסערניק

מ'זעט אים נאָך אַלץ נישט

כ'האָב נישט קיין צייט!

### וואַלדניק

סע ברענט, דו האָסט קיין צייט נישט!
וועסט נאָך אָנשטאָפּן דיין פעטן בויך.
איך וויל דיר עפּעס וואָס דערציילן, הערסטו נישט?
ער האָט זי דאָך געלאָזט שטיין — דו הערסט צי ניין?
זאיצטער, אַז דו וועסט זיין נאָר אַ ביסל ריִרעוודיק,
קענסטו זי באַקומען, דעם שיינעם שמעטערלינג...

אַ ביסל אויסגעבלייכט און אָפּגעמאָגערט —
אָבער ס׳מאַכט נישט אויס,
אונזער איינער קרעקט זיך נישט מיט אַזאַ מין ביסן...
ס׳קען זיך גוט מיט איר פאַרווײלן
און זיך די צייט פאַרטרייבן.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

טויכט אויף מיט בל צנדיקע, כיטרע אויגן

טאַקע? וואָס דו רעדסט! ער האָט זי נישט גענומען?
נו, און דו מיינסט אַפּנים, אַז איך וועל איר נאָכלויפן, דער גרויסער מעצאַצאַ דיינער —
אָט כאַפּ איך מיך!

ו ו אַ ל ד נ י ק

דו האָסט זי מער נישט האָלד?
אויב אַזוי וואָלט איך מיך אַליין מטריח זיין. וואו איז זי?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

גיי זוך זי!

ו ו אַ ל ד נ י ק

האָב איך ווינציק דען גענישטערט און געזוכט,
דורך נאַכט און נעפּל — אומגעזוכט,
באַ יעדן ווידמונג פונם וואַלד
האָב איך געפרעגט... דאָך נישט דער ווילדער באָק און נישט די שלאַנג
און נישט די ווילטיר האָבן זאָגן מיר געקענט.
האַלצהעקער האָב איך געטראָפן באַ אַ פייער זיצן,
אָפּגעגנבעט האָב איך שטיל אַ שייטל האָלץ אַ ברענענדיקס
און אומגעזוכט און אויסגעזוכט, וואו דער וואַלד האָט נאָר אַ העק.
ביז איך בין געבליבן שטיין מיטן אויסגעברענטן פאַקל־האָלץ אין האַנט,

ניִשט ווײַט פֿון עפּעס אַ פֿאַרלאָזטער שמידערײַ...
אויך פֿון דאָרטן גליִאָווטעט זיך אַרויס אַ רויך...
פֿײַער־צונגען פֿרעסן־אויף די נאַכט...
אַלצדינג ציטערט, פּאַלט און קראַכט.
וואו האָסטו שוין אַ מייסטערל, אַ גלאָקנגיסער?
פֿאַרבּרענט אויף קויל דער גרויסער פּלאָקנשיסער!

## וואַסערניק

איך ווייס, איך ווייס — איך האָב עס שוין געהערט —
פֿון מײַן פֿרײַנד, דעם טיפֿגעקנייטשטן וואַסער־פֿערד.
איך ווייס אַלצדינג און נאָך אַ ביסל מער,
איך ווייס די גאַנצע זאַך, און אויכעט ווער
עס האָט דאָס אָפּגעטון... און אויך פֿאַרוואָס...
דאָ אונטן ווייסט מען אַלץ — דאָ אונטן איז געשען
אַ זאַך, וואָס דו האָסט קיינמאָל נישט געזען —
אַ טויטע פֿרויענהאַנט האָט שטיל דעם גלאָק באַרירט
און ס'האָט דער קלינג אַ כּוח דערשפּירט —
די קלאַנגען ווי מיט דונער־בּרויז,
ווי אַלע ימים וואָלטן פֿונם בּרעג אַרויס.
און גערופֿן האָט דער גלאָק ווי אַ וואָלף אין צער,
וואו בּיסטו מײַן באַשאַפֿער און מײַן האַר?
איך האָב געזען די פֿרוי, דערטרונקען קאַלט —
און ווען עס האָט דער גלאָק זיך הויך צעשאַלט,
אַ שמייכל האָט איר פּנים העל געמאַכט...
און ס'האָבן טויטע צײַן — געלאַכט...
און אפֿילו מיר עס האָבן זיך די האָר געשטעלט קאַפּויר,
און אַלע זענען זיך צעלאָפֿן דורכן וואַסער־טויער
וואָלסטו געוועז געזען אָט דאָס, וואָס איך,
נישט פֿאַרגלויסט עס וואָלט דיר אַזוי גיך
צו זוכן וואַסער־זיען
אומעטום וואו מאָך און טראָסטניק בּליִען.

ו ו אַ ל ד נ י ק

דו ביסט אַן אַלטער ווינלטיר...
ווײַל איך עפּעס טון, פרעג איך נישט בײַ דיר!
און האַלט איך פעסט מיט מײַנע הענט דעם מײדלס לײַב,
וואָס גײט מיך אָן אין טײַך דאָס טויטע ווײַב?

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

קוואַאַקס! ברעקעקעקעקס! אַזוי, אַזוי,
ביסט אײַנגעגעסן, ווי אַ בײזע פלוי.
זי — דיך? כאַ-כאַ! דאָס איז אַ שײנער וויץ
נישט אַנדערש, נאָר דו רעדסט פון היץ...
זי און איך — זענען אָט אַזוי!

ווײַזט

אײַנגיכן וועט זי זײַן מײַן פרוי.
ווײַל ציגנפּיס האָסט זי, ווי דײַן בליק.
נו, זײַ געזונט, איך מוז אַראָפּ צוריק!

ו ו אַ ל ד נ י ק

שרײַט נאָך

אַזוי וואָר, ווי די נאַכט האָט שטערן,
אַז זי וועט פון מיר נישט פּטור ווערן...
און דו אַלײן וועסט נאָך מיט דײַן קוואַ-קוואַ-ניגון
אַ מענטשן-אײניקל פאַרוויגן.
און אָט דאָס קינד וועט זײַן פון מיר מיט איר -
איצט אַ גוטע פינצטערע נאַכט צו דיר!
העק, העק! און הולאַדרי,
מײַן וועלט איז ווערט די מי...

אָפּ מיט אַ פרײלעך העצקען

ו ו י ט י ק ע ן

קומט פון שטיבל און נעמט אַראָפּ די לאָדנס פון די פענצטער

ס'צייט געוועזן שוין אויפשטיין... שוין טאָג!
געהערט עפּעס אַ גאַנצע נאַכט אַ קלאַפּן און אַ טומל —

א האָן קרייעט

נו, אוודאי קוקעריקו!...
שפּאַר זשיך איין די מי —
דו שלאָף־פאַרטרייבער דו!
מ'ווייסט שוין, וואָס דו מיינסט. אַז דו קריישט, סע מיינט,
אַז דיין הון האָט געלייגט אַ גאָלדן איי
און באַלד ווע'מיר עש זשען שיינען אויפן הימל!
ס'וועט ווידער ליכטיק ווערן. . נו, זשינג זשיך דיר דיין קוקע־
ריקו —

ס'איזש נישט קאַ קלייניקייט. אַ טאָג קומט אָן!
נישטאָ דאָ ערגעץ־וואו אַ זשומפּ־לאַמטערן אָדער וואָש,
ס'איזש טונקל דאָ.
וואו האָב איך עש אַהינגעטון,
וואו קען עס זשיין?
מיין פינקלשטיין...

זי זוכט אין די קעשענעס, געפינט א רויטן בלישטשענדיקן שטיין

היינריכס קול

רויטענדעליין!

וויטיקען

אָט וועט זשי באַלד דערהערן... נו, וואָדען?

היינריך

רויטענדעליין, איך בין דאָ... הערסט מיך נישט?

וויטיקען

איך מיין, אַזש זשי וועט טאַקע נישט דערהערן.

## היינריך

בעיאָגט, באַווייזט זיך אויפן פעלד, וואָס איבער דעם שטיבל,

בלאָס און אָפּגעריסן. האַלט אין דער האַנט אַ גרויסן שטיין, גרייט

צו וואַרפן

אַ נו, פרווווט... איר אַלע...

מעג עס זיין דער גלח, אָדער לערער,

ראַזירער, אָדער קרעמער,

דער ערשטער, וואָס דערוועגט זיך איצט אַ שריט צו מאַכן,

וועט זיך קייקלען באַרג־אַראָפּ, ווי אַ זאַק מיט זאַמד...

איר, — יאָ, איר דאָרט האָט מיין ווייב צום טויט אַראָפּגעשטופּט

פון פעלז...

נישט איך.

איר מיאוסע חברה לומפּן, בלינדע הינט.

דרייסיק טעג און דרייסיק נעכט פּאַטשקעט איר די תּפילות אייערע

צו גאָט, ער זאָל אייך אָפּזוכן אַ גראָשן אַ פאַרלוירענעם!

גאָטס כבוד איז באַ אייך — אַ ליכטל

צו באַלייכטן זיך דעם וועג צו זנות־הויז...

איר לומפּיקע און קרעציקע... צעפּרעסענע...

ליגנער! שמייכלער! נאַרן!

ווי אַ שליוז אַ גרויסער, שטייט איר אויפן וועג,

וואָס פירט אַראָפּ פון גיהנום צום גן עדן,

לאָזט די לעבעדיקע שטראָמען פון גן עדן

נישט דערגרייכן ווייטער, ווי ביז אייך.

ווען ווייזט זיך שוין די גרויסע האַנט, די גרויסע האַק,

וואָס ברעכט פאַנאַנד דעם שליוז, אָט דעם פאַרשאָלטענעם!

אָ גאָט, מיין האַנט איז שוואַך.

ער לייגט אַוועק דעם שטיין און שטייגט העכער אַרויף

## וויטיקען

וואוהין קריכשטו?... מ׳קען נישט ווייטער —

הײנריך

אַלטע, וואָס ברענט דאָרט אויבן?

וויטיקען

וואָס ווייס איך?
געווען אַ מאַן, האָט ער געבויט עפּעס אַ קירך,
אַ קירך אין אַ שלאָס אײנאײנעם,
איז אַוועק דער מאַן פון דער קירך מיטן שלאָס אײנאײנעם,
איצט ברענט עס דאָרטן.

הײנריך וויל מיט אַלע כּוחות אַרויף העכער

איך זשאָג דאָך דיר —
מ׳קען נישט!
שאַ הויכע וואַנט — אַ גלייכע...
שיידן מ׳זאָל האָבן פליגל,
און דײַנע פליגל זענען, ווייזשט מיר אויס, צעבראָכן...

הײנריך

צעבראָכן אָדער נישט, איך מוז אַרויף!
דאָרטן ברענט מײַן ווערק, מײַן ציל!
פאַרשטייסטו, אַלטע?
איך בין דער, וואָס האָט געבויט קירך און קעניג־שלאָס אײנאײנעם...

מײַן לעבן האָב איך דאָרט אַרײַנגעבויט...
אַרײַנגעקנעטן אין די ציגל...

וויטיקען

רו זשיך אָפּ אַ ביסל — איצט איז פינשטער נאָך...
דאָרטן שטייט אַ באַנק, זעץ דיך!

הײנריך

רוען? איך?

די ווייכסטע קישנס — זענען איצטער שטיינער פאַר מיין קאָפּ.
מיין מאַמעס קוש אפילו אויף מיין שטערן
וואָלט נישט איינגעשטילט דעם אומרו און דעם פיבער...

ווי טי קען

הם... אַזשוי? אַזשוי?
אין קעלער האָב איך אַ בישל ווייַן אַ גוטש,
וואַרט טשוּ אַ ביסל!

היינריך

איך קען נישט וואַרטן, וואַסער!
ער איילט צום ברונעם, זעצט זיך אויפן ברונעם-קאַסטן

ווי טי קען

שעפּ דיר אָן אַן עמער פול און טרינק!

היינריך טרינקט. עס הערט זיך אַ שטיל יעמערלעך קול פון ברונעם אַרויס

היינריך מיין טייערער,
זיצסט אויף מיין ברונעם —
שטיי אויף און גיי,
עס טוט אַזוי וויי...
עס בלוטיקט מיין וואונד,
זיי געזונט, זיי געזונט.

פויזע

היינריך

זאָג מיר, אַלטע, גיב אַן ענטפער מיר,
ווער האָט מיך בּאַם נאָמען אָנגערופן?
ס'האָט עמעצער פון ברונעם-האַרץ אַרויסגעוויינט.
אַלטע, זאָג מיר, ווער דו ביסט...
וואו בין איך דאָ?

עפּעס ווי איך וואָלט פון חלום אויפגעוואַכט...
ס׳איז אַלץ אַזוי באַקאַנט,
דער פעלז, דאָס בײדל
און דו אפילו
איז שטאַרק באַקאַנט און פרעמד.
קען דען זײן, אַז אַלצדינג, וואָס איך האָב ביז איצט
געליטן, דורכגעלעבט, איז מער נישט ווי אַ שאָטנס שאָטן.

**װיטיקען**

איך? און ווער ביזשטו?

**היינריך**

דאָס פרעג איך אויכעט, אַלטע! יאָ, ווער בין איך?
צום הימל װענד איך מײנע אויגן צו:
„ווער בין איך?"
ס׳קומט קײן ענטפער נישט.
אײן זאַך איז זיכער: אַז ווי יעדער קינד
פון מוטער זון געבוירן —
אַ בינטל פון יסורים און פון אָדערן,
וואָס ברענען רויט...
צי איך מיך צום הימל — ציט מײן האַרץ
צו מוטערהיים, דער ליכטיקער...
זי אָבער שטרעקט איר גאָלדענע האַנט אויס,
דאָך גרייכן מיך, דאָס קען זי קײנמאָל נישט.
וואָס טוסטו דאָרטן, אַלטע?

**װיטיקען**

וועשט באַלד זען.

**היינריך**

הייבט זיך אויף

נו, גוט.

ווייז דעם וועג מיר מיט דיין בלוטיק=רויט לאַמטערנדל —
באַלייכט דעם וועג, וואָס פירט צו אַלדי הויכקייט.
וועל איך איצט דערגרייכן יענעם באַרג=שפּיץ, וואו כ׳האָב אַמאָל געהערשט,

שווער איך דיר, אַ פרעמדער וועל איך דאָרטן זיין, אַ ווייל נישט הערשן און נישט דינען...

ו ו י ט י ק ע ן

איך גלייב דיר נישט.
דו זשוכסט דאָרט עפּעס אַנדערש.

ה י י נ ר י ך

דו ווייסט?

ו ו י ט י ק ע ן

מ׳ווייסט, מ׳ווייסט.
זיי האָבן דיך געיאָגט, נישט וואָר? נו, יאָ.
גייט דעם מענטש גוט — האָט נישט וואָס צו טון.
ביישט ער, רייסט ער מיט די נעגל, ווי אַ וואָלף...
באַגעגנט ער דעם טויט — ווערט ער גלייך אַ נעבעכל, אַ לעמעלע.

דו ביזשט אויך נישט קיין שאַך אַנדערש, ווי די אַנדערע, געהאַט אַ גרינגע לעבן,
און איז דער טויט געקומען: אַהאַ... דערשראָקן זשיך — דאָס שעפעלע!

ה י י נ ר י ך

דער מייסטער פון דעם ווערק זיינס האָט באַמייסטערט!
מיין גלאָק האָט הויך געקלונגען, אַריינגעדרונגען
אין די טיפסטע שאַכטן, שפּאַלטן, היילן...
די פינצטערניש דערשראָקן...
און איך אַליין:

דערשראָקן פון דער צום טויט־דערשראָקענער פליענדיקער פינצ־טערניש.

איך האָב מיין לעצטן מייסטער־שטריך געטון:
צעבראָכן אויף פיץ־פיצלעך דאָס מעטאַל געגאָסענע...
כדי מיין ערשטע צונג זאָל קענען רעדן...

וויטיקען

פאַרפאַלן... געווען, געזען, — נישטאָ!
און וואַסער, וואָס שע רינט אַוועק, קומט מער נישט צוריק...
נו, זשעך דיך!

היינריך

ניין, איך מוז גיין. זיי געזונט, דו אַלטע!

וויטיקען

אויף הויכע בערג טשו גיין — איז שווער...
גרינג איזש נאָר אַראָפּצופאַלן!

היינריך

טאָ לאָז מיך שטאַרבן דאָ.

וויטיקען

דאָש וועשטו שיי־ווי־שיי.
ווער שע פליט ווי דו, מוזש פאַלן.

היינריך

ווי אַ שוואַרצע קראָ זאָגט־אָן דעם אָנקום פון אַ שטורם,
אַזוי ביסטו...
זאָג מיר אָבער, צי וועל איך פאַר מיין טויט
נאָך זען מיין טיף־באַגערטע?
זאָג מיר, וועט מיין זון פאַרגיין אינאיינעם מיט מיין שאָטן?
וועט דאָס ווידערקול אינאיינעם מיטן קול פאַרקלינגען?
זאָג, וועל איך שוין קיינמאָל מער נישט זען —

ווי טי קען

וועמען ווילסטו זשען?

היי נ ריך

זי... זי...

ווי טי קען

דאָס וועט אָבער זיין דיין לעצטער וואונטש, ווילסטו עס?

היי נ ריך

קלערט נישט

איך וויל!

ווי טי קען

דו וועסט זשי זשען...

היי נ ריך

מוטערל! איך רוף דיך מוטער... וויל, אַ, טרערן שטיקן מיך...
אַ מוטער, איינמאָל האָב איך שוין דעם טויט באַגעגנט —
און זי — אַ ליכטיקע, אַ גאָלדענע, האָט מיך אין לעבן צוריק אַריינ-
געפירט.

און איצטער קומט זי ווידער, ווי גרינג מיר ווערט!
ווי זיס מיר ווערט אָט דאָס, וואָס בריט ווי סם.

ווי טי קען

דיין כוח איז שווער פאַר דיר, דערטראָגסט אים נישט.
איצטער איז געענדיקט. אָט זשע!
דריי גלעזער שטעל איך אויף דיין טיש —
אין איינעם גיס איך ווייסן וויין,
אין איינעם גיס איך רויטן וויין,
אין איינעם גיס איך געלן וויין.
טרינקסטו דעם ווייסן — ווערסטו שטאַרק,

טרינקסטו דעם רויטן ווייַן — זעסטו זי,
טרינקסטו דעם געלן ווייַן — שטאַרבסטו.
אָבער טרינקען מוזשטו אַלע דריי.

ווייל זיך לאָזן אין שטוב אַרייַן, בלייבט שטיין און זאָגט
זייער שאַרף

די מ ו ז ש ט, האָב איך געזאָגט.

אָפּ

ה יי נ ר י ך

איך מוז, האָט זי געזאָגט —
דער שווערער אָפּבינד פון דעם קנויל,
פאַרפּלאָנטערט טויזנט פאָך — אפילו אין זיין גלייכסטן פאָדעם...
און איצט אַ שניט אין קנויל, ווי פלינק דאָס גייט!...
בין איך פון דעם קנויל אַרויסגעפליקט.
דער אָפּגרונט האָט זיין גומען אויפגעעפנט,
אַ גרויסער, שוואַרצער, מוראַדיקער געגעץ...
דער ערשטן פונק — דערנאָך אַ פייער ווערט, שפּעטער רויך און וואָלקן, רעגן — גאָרנישט.
אַזוי פיל טעג געלעבט — און איצט...

נעמט דעם ערשטן בעכער

נו, מוטיק, איידער ס'קומט די שרעק...
אַ טונקעלער טראָפּן גליט אין דיר, דו ווייַן...
אַ לעצטער... נו, טרינק איך!

ער טרינקט

און איצט צו דיר, דו צווייטער בעכער!

ער נעמט דעם צווייטן

נאָר דיר צוליב האָב איך דעם ערשטן בעכער אויסגעטרונקען...
דו גאָלדענע בריק צום טויט —
איך דאַנק דיר!

ער טרינקט

וי גיט דאָס איז!

עס ציטערט א הארץ-געוויש

רויטענדעליין

שטייגט אויף פון ברונעם מיד און ערנסט, זעצט זיך אויפן ראנד און קעמט זיך די גאָלדענע האָר, זי איז בלאַס און זי זינגט צו-זיך אליין

איך זיץ דאָ איינע אַליין, אַליין
און קעם מיר די גאָלדענע האָר אַליין,
ווייל איך בין דאָך רויטענדעליין.

וואַסערניק

פון ברונעם ארויס

רויטענדעליין!

רויטענדעליין

אָט קום איך!

וואַסערניק

קום גיכער!

רויטענדעליין

די לבנה בלייכט מיר אויס די האָר —
ס'איז אַ חלום אויפן וואָר...
איך קעם און קעם און טראַכט:
מיין היינריך קומט באַנאַכט.
וואַסערן קומען,
וואַסערן פאַלן,
ווי ס'גליק,
ווי ס'גליק...
איצט מוז איך שוין צוריק

אין וואַסער, אין קויט —
מיין האַרץ איז דאָך טויט...
ווער רופט מיך ?

היינריך

איך!
קום בענטער... ווערסטו מיך דערקענען...

רויטענדעליין

איך קען נישט דיך,
איך קען נישט מ י ך ,
אין וואַסער מוז איך
גיין אויף גיך.

היינריך

קום, נעם אָן מיין האַנט —
דו וועסט דערקענען...

רויטענדעליין

כ'האָב דיך קיינמאָל נישט געקענט.

היינריך

האָסט מיך־קיינמאָל נישט געזען ?

רויטענדעליין

איך ווייס נישט.

היינריך

איך האָב דיך קיינמאָל נישט געקושט אין די ליפּן ?

רויטענדעליין

קיינמאָל נישט.

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

פון ברונעם אַרויס

רויטענדעליין!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אַט קום איך!

ו ו אַ ס ע ר נ י ק

קום אַריין!

ה י י נ ר י ך

ווער האָט דיך גערופן?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

מיין מאַן...

ה י י נ ר י ך

דו פייניקסט מיך —
באַפריי מיך!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווי אַזוי?

ה י י נ ר י ך

קום צו מיר!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך קען נישט.

ה י י נ ר י ך

פאַרוואָס?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

אונטן, אין וואַסער, איז פריילעך און גרינג,
מ'טאַנצט און מ'דרייט זיך אַרום אין אַ רינג!
זיי געזונט!

ה י י נ ר י ך

גיי נישט אַוועק... וואו ביסטו?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

האָט זיך באַהאַלטן אין ברונעם

אין דער אייביקער ווייטקייט.

ה י י נ ר י ך

דאָרט,
דאָרט שטייט דער לעצטער בעכער...
אַ, מאַגדאַ... ווי בלייך דו ביסט...
דערלאַנג, איך בעט דיך!...
מיין האַרץ וועט בענטשן דעם,
וואָס וועט דעם בעכער מיר דערלאַנגען.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

לעבן אים

איך!

ה י י נ ר י ך

דו ווילסט עס טון?

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

איך וויל עס טון.
לאָז די טויטע רוען.

ה י י נ ר י ך

איך פֿיל דיין ליכטיקייט!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

טרעט אָפּ

דיין כּלה בין איך נאָר געווען אַ מ אָ ל.
אין חודש מאַי,
איצט איז האַרבסט...

ה י י נ ר י ך

איצט איז האַרבסט...

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווער האָט דיך איינגעוויגט אין אירע אָרעמס?
ווער האָט דיך אויפגעוועקט מיט איר קוש?

ה י י נ ר י ך

דו.

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווער, איך?

ה י י נ ר י ך

רויטענדעליין!

ר ו י ט ע נ ד ע ל י י ן

ווער האָט דיר געגעבן האָפענונג און געזונט?
ווען האָסטו אַראָפּגעשטויסן צו דעם גרונט?

ה י י נ ר י ך

דיך!

רויטענדעליין

ווער איך?

היינריך

רויטענדעליין!

רויטענדעליין

איצט גיי איך צוריק.

היינריך

פירט מיך, איך בין בלינד...
די נאַכט קומט אָן.

רויטענדעליין

לויפט צו, כאַפּט ארום זיין קני מיט א פרייד־געשריי

די זון קומט אָן.

היינריך

די זון!

רויטענדעליין

וויינט און לאַכט

היינריך!

היינריך

כ׳דאַנק דיר...

רויטענדעליין

נעמט אים פעסט ארום. קושט אים אויף די ליפּן. לייגט אים אוועק א שטאַרבנדיקן

היינריך!

## היינריך

איך הער די גלאָקן קלינגען...
די זון קומט...
די נאַכט איז לאַ—נ—ג!

פרימאָרגנרויטקייט